קוק ניט אום זיך אויף זיי, ווענד פון זיי אָפּ דיין אויג,
זיי וואָס געבן אָנשטאָט שיינקייט צו טרינקען דיר לויג.
זיי האַסן דיין חלום און פרייד און דיין רוף,
זיי, די מומיעס פון גייסט און די מומיעס פון גוף;
מחמת דו — דו ביסט פרילינג און זונשיין און פראַכט,
זיי — שימל פון קבר און פינצטערע נאַכט.

1898

# איך גלויב...

לאָך זיך אויס פון מיינע טרוימען,
לאָך אינגאַנצן אויס פון מיר;
וואָס איך גלויב נאָך אין דעם מענטשן,
וואָס איך גלויב נאָך אויך אין דיר.

אַז מיין נשמה לעכצט נאָך פרייהייט,
ניט צום גאָלדן־קאַלב פאַרשקלאַפט;
יאָ, כ׳האָב גלויבן אין דעם מענטשן,
אין זיין גייסט וואָס טראַכט און שאַפט.

ס׳וואַרפט דער גייסט אַראָפּ די קייטן,
הייבט דעם מענטש צום הימל אוף —
ס׳שטאַרבט פון הונגער ניט דער בויער,
פריי זיין גייסט און זאַט דער גוף.

לאָך, וואָס כ׳גלויב נאָך אויך אין פריינדשאַפט,
גלויב, עס מוז אַ האַרץ נאָך זיין,
וואָס טוט קלאַפּן מיט מיין האָפנונג,
שפּירט מיין גליק און פילט מיין פּיין.

יאָ, איך גלויב אויך אין דער צוקונפט,
כאָטש ס'איז יענער טאָג נאָך ווייט —
טאָג פון שלום צווישן פעלקער
אין אַ נייער פרייער צייט.

אויפבליען וועט אויך מיין פאָלק דאַן,
אויפשטיין וועט אַ נייער דור —
וועט צעברעכן זיינע קייטן,
ליכט דערזען, צעשטראַלט און קלאָר.

עס וועט לעבן, ליבן, שאַפן
אין זיין ערד פאַרוואָרצלט, ריין;
ניט אין צוקונפט, ניט אין הימלען,
ניט געננוג אים גייסט אַליין.

ס'וועט אַ ניי געזאַנג דער דיכטער
דעמאָלט זינגען קלאָר און גאַנץ —
פון מיין קבר זאָל מען רייסן
דאַן פאַר אים אַ בלומענקראַנץ.

1892

י. י. שוואַרץ

# שליחים פון ליבע

חלומות פון ליכטיקן ווייטן אַמאָל —
איך זע זיי, איך הער זיי, פאַרנעם זייער קול:
„געדענקסטו, געדענקסט אונדזער פייגלגעפלי,
„ווי אַ וואָלקן פון פרילינג־פרימאָרגן אין גלי".

— געוויס, איך געדענק אייך, און איר זייט צעבליט
אין ליכט און אין כשוף־געוועב פון מיין ליד.
איר זייט אין מיין האַרץ אויפגעקומען, איר לעבט,
ס'איז אייער געשמאַק נאָך ניט אויסגעוועפּט.

ליכטיקע נעכט, רויש פון ים און געשריי,
ליבע, געטרייע, אַט זיינען דאָך זיי.
וואו ביסטו, געליבטע, דו קינד פונעם פעלד
און פרוכטבאַרע גערטנער, צעליכטיקט, צעהעלט?

שוועבט, מיינע שליחים, דו ליד און דו שוואַלב,
פייגל, געזאַנג און דו גאָלדענער שטראַל —
שוועבט און געפינט זי און קערט זיך צוריק,
דערגייט, צי איר האַרץ שלאָגט פאַר מיר נאָך מיט גליק.

שאול טשערניכאָווסקי

צום מערב די שוואַלב אירע פליגלען צעשטרעקט,
דאָס ליכט האָט אין וואָלקנדל בלוי זיך פאַרשטעקט;
די זון איז פאַרגאַנגען, דעם וואָלקן באַגילדט
און ס׳ליד האָט זיין שליחות נאָך אַלץ ניט דערפילט.

אומזיסט יענעם טאָג כ׳האָב אויף אים אַלץ געוואַרט,
ערשט שפּעט אין פאַרנאַכט האָב איך קוים אים דערהאַרט —
מיין ליד דאָס געטרייע, פאַראומערט, פאַרצאָגט,
האָט צום האַרצן געדריקט זיך און מיר גאָרניט געזאָגט.

י. י. שוואַרץ

# דאָס ליד פון פרילינג

אויף דער וועלט גייט אום אַ גבור —
רופן רופט מען אים: די זון.
גרויס זיינען די מעשים זיינע,
כ׳וועל דערציילן דיר דערפון.
ווילסטו הערן די לעגענדעס
און דאָס ליד פון פרילינג־גאַנג —
זעץ דיך צו, איך וועל דערציילן,
וועל דיר זינגען מיין געזאַנג:

יאָ, ס׳איז פינצטער אונדזער הימל,
שוואַרץ די כמאַרע און געדיכט —
אָבער ס׳טרעפט אַמאָל דער שוואַרצקייט
שניידט אַדורך אַ שטראַל פון ליכט.
טרינקט דעם גאָרטן אָן מיט זונשיין,
קנאָספּן פון אַ בוים פאַרראָזט;
היילט די קאַרבן פון די ביימער,
גיסט מיט זאַפט אין דאַרן גראָז.
דאַן ווערט פול די ערד מיט כשוף,
אויפגעלעבט ווערט דאַן די וועלט. —
פון די שטראָמען און די טייכן
ביז די בלומען אינעם פעלד.

שטרעקן פון דער ערד אַרויס זיך
טשאַטעס בלומען אויפגעבליט —
ס'עפנט אירע בלויע אויגלעך
אויף די בלום „פאַרגעס־מיך ניט".
גלעקל־בלימלעך שמייכלען, שמייכלען
אומעטום וואו ס'פאַלט דיין אויג;
און דאָס גאָלדן „לייבן־ציינדל"
טוט זיך חנ'עוודיק אַ נויג.
רויטלען זיך אין שטראָמען זונשיין
קליינע פאָזעמקעס, פול חן;
ווי אין חופה־קלייד אַ כלה
לייכט דער קאַרשנגאָרטן שיין.
מיט געזאַנג ווערט פול דער וואַלד דאַן,
און פון הימל פלייצט געזאַנג;
גרינע פעלדער — איין סימפאָניע,
פול די גאַנצע וועלט מיט קלאַנג.
ס'פעדערט זיך די לערך באַגינען,
אויף די פליגל — שפּריצן טוי;
טרייבט די זון וואָס גיכער אויפשטיין
מיט איר ליד פון טיפן בלוי.
רויטלט זיך די זון פאַר בושה,
וואָס זי האָט פאַרשפּעטיקט האַלב
נעמען אויף זי מיט געזאַנגען
ס'„רויטע ברוסט" און ברוינע שוואַלב.
ביז די זון פאַרגייט אין מערב
איבער אָזיערעס און זומפּ —
נעמען קלאָגן די באָטשאַנעס
הייזעריק און טרויעריק־שטומפּ.

ווען ס׳געזאַנג נעמט זיך צעקלינגען,
ווערט איבער דער וועלט דערהערט —
קומען קריכעדיקע ברואים,
נעמען שפּאַרן זיך פון דר׳ערד.
העכער, העכער פון דער טיפקייט,
אַלץ וואָס ס׳פּויזעט און עס קריכט
פון דעם קבר טיף צום לעבן,
פון דער פינצטערניש צום ליכט.
כל־המינים קליינע ווערים,
זשוק און זשאַבע, פליג און בין;
איטלעך קנאָספּ און איטלעך בלימל
פול מיט ליכט און שפּייז דערין.
אויף די פעלדער די צעגרינטע
און די גערטנער — פרילינג לעב;
ווי די לעבעדיקע בלומען
פלאַטער־פייגעלעך אין שוועב.

ס׳זיינען גרויס די מעשים זיינע,
זיינע וואונדער — יאָ, געוויס —
בויג דיין אויער צו, כ׳וועל זינגען
דיר די גרויסקייט פונעם ריז:

ס׳ליכט פון זון איז לויטער לעבן,
און דאָס לעבן — ליבע בלויז;
און אָן ליבע הערשט דער טויט נאָר,
טויט פון קינד אין מוטערס שויס.
און אין גאָרער וועלט דער גרויסער
איז ניטאָ גאָר אַזאַ אָרט,

וואו עס זאָל די זון פון ליבע
ניט אַריינרייסן זיך דאָרט.
נאָר אין טיפעניש פון האַרצן
ווען דער שטראַל ברעכט זיך אַריין,
הויבט אָן זינגען, הויבט אָן קלינגען
דאָרט דאָס ליד פון ליכט און שיין.
ווי עס וואָלט אַ האַנט אַ שטאַרקע
אויף די סטרונעס פון אַ האַרף
ס׳העלדנליד פון אַלטע דורות
אויסגעקלונגען העל און שאַרף.
ווי עס וואָלטן הונדערט קוואַלן
אין אַ לבנה־נאַכט אין טאָל —
זיך צעפּלאַפּלט, זיך צעפּלוידערט
און צעקריגט זיך מיטאַמאָל.
און דער קריג איז צאַרט און איידל
ריין און קלאָר און פול מיט שמאַרץ;
און אין ליד ליגט ליכט און כשוף
טרוימען ציען צו דאָס האַרץ.
און די טרוימען זיינען ליכטיק,
יוגנט־טרוימען — ליכט און פלאַם —
קושן זיך אין זיי די הימלען
און די ערד און טיפער ים.
דאָס פאַרדעקטע און אַנטפּלעקטע,
מישן אויס זיך שטילערהייט;
דורות פול מיט ערשטן כשוף
אין די נעפּלען איינגעדרייט;
ס׳לייכט אַ מוטנע זון אין הימל
און באַלויכט אַן ערשטע וועלט;

נעפּלען גיפּטיקע פאַרוויקלען
זומפּ און ווילדגעוויקס און פעלד.
וועלט איז פול מיט שטורמיק לעבן,
ווי דער ים צעברויזט מיט וואוט;
וועלט — מיט שאָטנס בלויז פון לעבן,
אָן אַ פּונק און אָן הייס־בלוט.
טיפע סודות, שעפּטש פון בלומען,
כוואַליע־קלאַנג אין אָוונטבלוי;
שאָרך פון בלעטער, רויש פון שטילקייט,
שפּריצן ליכט אין טראָפּן טוי.
פול די וועלט מיט גאָלד־חלומות,
ליכט פון טאָג און שטראָמען היץ;
אָפּקלאַנג פון געזאַנג אויף טייכן
אין לבנה׳ס קאַלטן בליץ.
אין געפלעכט פון רויטע רויזן
און אין קלאַמערן פון שיין
אין דער ראָם פון די געזאַנגען
נעפּל־אויס און נעפּל־איין —
האָט זיך אַלץ צונויפגעגאָסן
און אין ריימען, הייס אין גלי,
בליצן אויף און לעשן אויס זיך
פייגלשניר אין זייער פלי...

האָט נאָר איינמאָל אָט דער חלום
פאַרן מענטשן אויפגעבליצט —
וועט ער אייביק דאָס געדענקען:
אין זיין האַרצן איינגעקריצט
וועט דער חלום שעמערירן

ביז אין לעצטן לעבנסטאָג;
אויסגעפליקט און אויסגעריסן
ווערט עס דאַן מיט וויי און פּלאָג.

איך האָב אויך געזען דעם חלום:
ס'זעצט די זון זיך אין איר גלות —
וואָלקנס שוועבן אינעם מערב
און די וואָלקנס טריפן בלוט.
ס'וויקלט זיך די וועלט אין בלויקייט
ביז עס ווערט אַלץ טונקלבלאָ,
אַלץ אין זעלבן ליכט: דער הימל,
גאָרטן, ערד...
אין יענער שעה
איז זי קעגן מיר געשטאַנען,
ס'האַרץ פאַרכשופ'ט פון איר גלאַנץ;
כ'זע איר צאַרט און ליכטיק פּנים,
אויף איר קאָפּ אַ פייער־קראַנץ —
קראַנץ פון גליענדיקע פליגן,
גאָלדיק ליכטיק, גרין און רויט;
און דאָס ליכט איז צאַרט, פול סודות,
ציטערט, פלאַטערט אויף איר הויט.
אויגן גרויסע, טיף פאַרחלומ'ט,
טיפער פונעם ברייטן ים —
שפּיגלען אָפּ זיך דאָרט דער הימל,
סוד פון נאַכט און אָוונטפּלאַם.

1899

י. י. שוואַרץ

# שבת־צו־נאַכט

פלאַקערט דער מערב אין פלאַמען
אונטערן גאָלדשיין אַצינד;
שטראַל פונעם זונליכט דער לעצטער
ציטערט און פלאַטערט און שווינדט.

פלעכטן זיך שאָטנס אין שאָטנס,
דעקן דאָס וועלדל איין שטיל;
ווינטל פון לאָנקע פון ברייטער
ווייט איצט פאַמעלעך און קיל.

גאָלדיקט דער סערפּ פון לבנה,
קוקט שטיל אַראָפּ צו דער ערד;
צוויטשערט אַ פייגל זיין נאַכטליד,
צוויטשערט — און באַלד אויפגעהערט.

בליצט אויף גאָר פלוצים אַ שטערן,
צינדט זיך אַ צווייטער און שטראַלט;
וועט שוין געגנוג זיין צו וואַרטן,
צייט דאַווענען מעריב שוין באַלד.

שאול טשערניכאָווסקי

נאָר ניט געאיילט מיט די תפילות,
גיט צו צום שבת פון וואָך;
זינדיקע בלודנע נשמות
זאָלן זיך אָפּרוען נאָך.

מענטש האָט באַעוולהט זיין חבר,
מענטש האָט געזינדיקט צו גאָט —
זעקס טעג פון וואָך אינעם גיהנום
ווערן געברענט און געבראָט.

ווערן געברענט און געפייניקט
פאַר זייער זינד נאָכן טויט —
קומט אָבער אָן ערב־שבת,
הימל צעפלאַקערט זיך רויט.

שטייען די טויערן פון גיהנום
צעשפּאַנטע, צעעפנטע ווייט;
דונערט אַ קול דאַן אַ מעכטיקס:
שבת! ווערט אַלע באַפרייט!

אין טאָל פון פאַרניכטונג און יאָמער,
אין אייז און אין פלאַמענגעדראַנג —
דרינגט איצט דער רוף פון באַפרייאונג,
אַ וואונדערלעך צויבער־געזאַנג.

דרינגט אַריין טיף אין נשמות,
אין פייער פון ספקות און וויי —
קלינגט ווי געזאַנג פון מלאכים,
זאָגט צו דעם צווייפל: פאַרגיי!

דרינגט אין דעם האַסער פון מענטשן,
הערצער פאַרפרוירן פון קעלט,
דרינגט דאָרט מיט פרילינג און דופטן,
מיט האָפענונג און ליכט אויף דער וועלט.

און אַלע צעבראָכענע הערצער,
געמיינט, זיינען טויט שוין פון לאַנג,
זינגען אַרויס ממעמקים
פון גלויבן און גליק דאָס געזאַנג.

העכער, אַלץ העכער צעשטראַלט זיך
ס'האַרץ דאָס צעטראָטנס אין בלוט —
גן־עדן און גיהנום אין ציטער,
וואָס פלאַטערט דער מערב אין גלות?

שווייגנדיק שפרייטן זיך שאָטנס
אין טרויער: דער טאָג איז אַוועק.
געענדיקט דאָס דאַוונען — עס שליסט זיך
דער טויער פון תהומ'יקן שרעק.

„ברוך המעריב ערבים"...
„מבדיל בין קודש לחול"...
פאַמעלעך נאָר, אויך „ויהי נועם"
זינגען מיר הויך אויפן קול.

שאול טשערניכאָווסקי

# דעיאַניראַ

די זון זינקט אין מערב און ס׳שווימען אַרויס לאַנגע שאָטנס
פון צווישן די שטאַמען און צווייגן פון ריזיקעביימער,
פון פלויט פונעם גאָרטן, פון אָפענע גריבער ביי וועגן —
זיי שווימען אַרויס און לייגן זיך אויס, און וואו נאָר זיי פאַלן
ווערט רואיק און שטיל, אין שטילקייט פון אָוונט פאַרשוואומען.
דער וואַסערקוואַל רוט, די אַלייען פון פאַרק ווי אַנטשלאָפן
און ס׳דוכט זיך, די ביימער זיי סוד׳ען וואָס איינער צום צווייטן.

ס׳ברענט אינעם הימל דער מערב ווי אָנגעגליט אייזן אין אויוון —
ס׳האָט ניט קיין ליכט און קיין שימער, נאָר רויטקייט פון גליאיקע קוילן.
אַ רגע — און ס׳ציט זיך אַריבער דער רויטקייט אַ נעפּל,
ווערט באַלד פאַרשוואונדן, נאָר באַלד קומען אַנדערע מחנות
פון אַש־גרויע וואָלקנס, פאַרציען זיך איבערן גליאיקן מערב.
דערנאָך ווערט אַלץ טונקעלער, בלויער — די ברעגן פון הימל,
טיף בלוי אין קאָליר פון סאַפּירן — און העכער, אַלץ העכער,
ליגט טיף אין אַ בלויליכער שוואַרצקייט דער הימל צעגאָסן,
ווי טיפע אָן סופיקע תהום׳ען, ווי יאָרן און דורות,
וואָס זיינען ׳שוין לאַנג פון מענטשנס אויגן פאַרשוואונדן.
נאָר ס׳טרעפט, אַז דאָס אויער פאַרנעמט וואָס פון דאָזיקן עבר
אין קלאַנגען פון לידער, אין צויבער־לעגענדעס און זאַגן
אין נעפּל פון דורות פון ווייטע — קלאַנגען וואָס פאַנגען די הערצער.

לידער פון ווייטער פאַרגאַנגענהייט — קענסט זיי, געליבטע?
ס׳ליד פון אַ ערלעך אַ ליבנדיק האַרץ, פול מיט גבורה,
ס׳ליד פונעם מאַן וואָס גייט איבער פון כח און שיינקייט.
דאָס זיינען לידער פון עבר. ס׳בליט אויף פון די וואונדער־לעגענדעס
אַ לאַנד אין די העל־בלויע ימ׳ען, געגלעט פון די כוואַליעס,
באַרגיק דאָס לאַנד, באַקראַנצט מיט סאָסנעס און איילבערט,
וואָס פינקלט ווי שוואַרצער זמאַראַגד אין גאָלד און אין פורפל;
פאַרוויקלט מיט פרוכטבאַרע פעלדער פון ווייץ און פון קאָרן.
לאַנד וואו עס שלאָגן און רוישן קרישטאָלענע קוואַלן און טייכן,
ריינער פון קינדערשע טרערן, אַרויס פון די מירמלנע היילן,
פון ריזיקע פעלזן; און ס׳שפרייטן זיך טרוימיקע הימלען.
וועלדער פון בוקסן און לאָרבער — וואו ס׳רוט אַ הייליקע שטילקייט,
אין סודות און וואונדער פאַרהילט, מיט מאַרמאָר־פּאַלאַצן,
געגליכן צום דיכטערס חלומות אין מירמל פאַרגליווערט.

און דאָרט אין דעם וואונדער־לאַנד גייען אום צאַרטע געטינען
אייביק אין גליאיקער שיינקייט און בליאיקער יוגנט;
גלוסטן, באַליבן דאָס לעבן אין שטורעם פון לוסט און באַגערן
פנימער — מאַרמאָר און גלוטיק פייער אין האַרצן.
מיט זיי גייען אום געטער־ריזן, ציטערט די ערד פון דער גבורה —
געטער מיט אייזערנע גלידער און שטאָלענע מוסקלען
נאָענט צו דעם מענטשנס האַרץ, ווינטשן אים גליק און פריידן.
די מענטשן פון לאַנד זיינען פריידיק און שיין, פול מיט כח,
ס׳קושן זיך חכמה און שיינקייט, מענטשן געגליכן צו געטער —
דער וועלכער וויס זיינע תאוות, שעמט זיך ניט פאַר זייער שטורעם
איז הייס און שטאַרק אין ליבע, פורכטיק אין זיין נקמה.

נאָר גלייך ווי אַ נאַכטיקער חלום, חלום פון ליכט און געזאַנגען,
סודות פון שטערן און וועלטן, וואָס ס׳האָט קיין אויג ניט געזען נאָך,

פאַרשוואונדן איז אויך יענער דור מיט זיין פּראַכט און זיין שיינקייט.
גליקלעך איז דער, וואָס האָט פון די שטיינער־מצבות אַן עכאָ,
אַן אָפּקלאַנג פאַרנומען, געהערט און פאַרשטאַנען זיין לשון,
אַ צויבער־לעגענדע פון יענע פאַרלאָפענע דורות —
כ'וויס איינע פון זיי, איך וועל דאָס דיר, טרייע, דערציילן:
— דעמאָלט, ווען ס'איז דעיאַניראַ מיט העראַקלעס איר מאַן אומגעגאַנגען —
זיי זיינען אַמאָל צו אַ טייך צוגעקומען — האָט נעסוס דערזען זיי;
האָט ער זיך פאַרליבט אין דער פרוי און האָט מיט איר מאַן זיך געראַנגלט.
דער גבור באַזיגט האָט דעם שונא, זיין קעגנער דערשלאָגן.
נעסוס, באַזיגט אין זיין בלוט הויבט אָן רעדן, דורשטיק נאָך נקמה:
וואָש אין מיין בלוט דיינע קליידער, אויב ס'וועט דיין מאַן אין דיר פעלשן
גיב אים דאָס העמד צום אָנטאָן — וועסט ווידער זיין האַרץ געווינען.
די פרוי האָט געלאָזט זיך פאַרנאַרן, דאָס העמד צום מאַן געגעבן.
דאָס העמד איז ביי אים נאָך אין האַנט — איז ער באַלד פאַרציטערט געוואָרן.
ס'האָט זיך אַ העליש פייער ביי אים אין די ביינער פאַרצונדן.
ווי טויזנטער פיאַווקעס, וואָס פרעסן זיך איין אין אַ קערפּער
גיסט זיך די גיפט אין געביין און ברענט אים צום טויט און פלאַקערט.
אומזיסט האָט העראַקלעס פון זיך זיינע קליידער געריסן,
די הענט זיינע רייסן זיין לייב און זיי פליקן אויף שטיקער,
צופן די הויט פון די ביינער, זיין בלוט צו דער ערד טוט זיך גיסן.
האָט ער אַ פייער פאַרצונדן און איז אין דעם פלאַם אומגעקומען...

טייערע, טויזנט מאָל מער זאָלן שווער זיין מיין ליידן און פּלאָגן,
זאָל ברענען דאָס גיהנום'שע פייער מיין האַרץ און מיין מח —
מיר רויבן דעם שלאָף פון די אויגן, צום קבר מיך ברענגען;
אַלץ נעם איך צו פון דיין האַנט, ליב זיינען אַלע יסורים —
אויב נאָר כ'זאָל וויסן אויף ריכטיק: דו טוסט עס אויס ליבע,
צוליב דיין גרויס ליבע צו מיר, טוסטו מיך שטראָפן!

היידלבערג

# מחמד

און דער מדבר איז שטום געווען, מורא׳דיק שטום
אויף מײלן און מײלן צעשפּרייט זיך אַרום.
און סודות׳דיק איז ער געלעגן אין דרימל
און ס׳שימערט פון אויבן אַ ליכטיקער הימל;
אַלץ ליגט און אַלץ שווייגט און אַלץ האָרכט אויף זיין וואָרט,
ווי אַלץ וואָלט געוואַרט נאָר אויף אַללאַ׳ס אַ וואָרט.

נאָר אָט האָט אַ דונער זיך פּלוצים צעטראָגן,
אָן שטילקייט פון מדבר מיט מאַכט אָנגעשלאָגן,
אַרויף און אַרונטער, מיט כעס זיך צעשאָטן —
און ווייט פון דער ווייט, ווי ס׳וואָלט עמיצער שפּאָטן
אים ענטפערט דער עכאָ און ווערט באַלד פאַרשטילט —
דאָס האָט זיך דער לייב פון דעם מדבר צעברילט.

אין יענער מינוט פון דעם וואונדער פון נאַכט
האָט אַלץ אין אַ ציטער און פלאַטער דערוואַכט:
דאָס פערד האָט געהירזשעט, זיין אויער פאַרשפּיצט,
געוויינט האָט דאָס קעמל מיט אויגן צעבליצט;
ס׳האָט עלנט געקלאָגט דער שאַקאַל אינעם טאָל,
און לאַנג האָט געקלונגען אין מדבר דאָס קול.

און גלייך ווי אַ פראָסט וואָלט פאַרפרוירן אונדז ס׳בלוט —
אין דעם קרייז איז געזעסן דער נביא, באַרוט,
זיין פנים באַשטראַלט אין לבנה׳דיק ליכט,
קיין וואָרט ניט גערעדט, די סאַנדאַלן פאַרריכט,
און ווידער איז שטיל, שלאָפט דער לאַגער פאַרמאַטערט,
קיין שאָרך ניט, קיין קלאַנג ניט, קיין פאָן אויך ניט פלאַטערט.

נאָר ס׳האָט זיך דער נביא פון פלאַץ אויפגעהויבן,
די אויגן — אין גלי פון נקמה און גלויבן —
און האָט אונדז געזאָגט: גייט לשלום אַרויס!
אין יענער מינוט איז ער הויך געווען, גרויס,
אין מדבר וואָס טראָגט סודות טיף ווי דער טויט,
אין קרייז פון תלמידים צו שטאַרבן באַרייט —
ווי משה וואָס קומט פון באַרג חורב מיט ליכט,
ווי אַזראַאיל דער מלאך אין טאָג פון געריכט,
ווי די זון רייסט אַרויס זיך פון וויסטן געווימל,
ווי אַללאַ, ווען באַשאַפן די ערד און דעם הימל...

1896

# לענכען די נייטאָרין

## א

אָן אַן אָטעם קוים דערלאָפן
אינעם פּאַרק צום מירמל־זייל —
און דער גלאָק האָט זיך צעקלונגען,
הילכיק אָפּגעציילט דערווייל

גאַנצע אַכט... זי האָט פאַרשפּעטיקט,
ניט צו זען איר ליב געשטאַלט —
טייבעלע, מיין בלאָנדער מלאך,
כ׳הייב אָן איבערטראַכטן באַלד.

ווער קען וויסן, וואָס ס׳פּאַרלויפט זיך
אין אַזאַ מין ווילדן כרך?
ס׳איז דאָך אַ מעת־לעת אַריבער —
און אַ מיידלש האַרץ איז שוואַך.

שווערע ביטערע געדאַנקען
ווימלען, ראָיען זיך אין האַרץ,
ווי די וואָלקן־שטיק פאַרכמאַרען
שפּיצן בערג אין טיפן האַרבסט.

ס׳שלאָפט דער פּאַרק. די הימלען לויכטן
גאָר אָן שטערן. שטיל געשפּאַנט. —
שאַ, וואָס הער איך? שאָרך פון קליידער,
אַ לייכט רוישן אויפן זאַמד.

אַט־אָ, קומט זי אָן, מיין מלאך —
— גוטן אָוונט דיר, מיין פּראַכט!
— גוטן אָוונט דיר, מיין ליבער,
זאָג, ווי האָסטו היינט פאַרבראַכט?

— ווילקאָמען, מיין האַרץ, מיין שיינקייט —
זיך, וואָס עפּעס אַזוי שפּעט?
יעדן טאָג דאָ אַכט אַזייגער
האָבן מיר דאָך אָפּגערעדט.

— יאָ, געוויס, מיין ליבער, אָבער...
— גיכער, זאָג שוין, כ׳האַלט ניט אויס...
— יאָ, אָבער, די בייזע קליפּה —
כ׳קום היינט, ווי דורך נסים בלויז:

פון באַגין ביז שפּעט אין אָוונט,
ביים געניי צונויפגעדרייט,
מאָלט אַ גאַנצן טאָג איר צינגל,
רק דאָס קלאַפּט און רק דאָס גייט.

אין דעם ענגן הייסן וואַרשטאַט
זיצן מיר געפּרעסט אין היץ —
לאָזט ניט לאַכן, לאָזט ניט שפּאַסן,
טאָמער טרעפט איר אונדזער וויץ.

זיצן אין געהאַקטע וואונדן,
זיצן שטיל און שוויגן שטום —
בלויז די ביי־מאַשינען רוישן
און זיי זשומען: זשום־זשום־זשום.

— עפּעס נייס? וואָס מאַכט דיין פריינדין,
און דיין קעצל, צאַרט און קליין?
— ס׳האָט באַטריגט זי איר געליבטער,
אַלע זייט איר פאַלש, געמיין.

כ׳האָב אַ נאָדל היינט צעבראָכן,
זיך פאַרשטאָכן ביז אין ביין —
רויטע טראָפּנס בלוט געלאָפן,
כ׳בין פאַרגאַנגען אין געוויין.

און דאָס קעצל האָט צעקרעלט מיך —
אָט דאָס קליינטשיקס, קוק עס אָן,
דראַפּעט זיך... כ׳האָב עס געוויקלט,
ווי אַ פּופּע אָנגעטאָן.

יאָ, און סאַראַ... — וועלכע סאַראַ? —
— סאַראַ — סאַראַ איז — ניט וואָר?
ווייסטו דען וואָס פון דיין לעבן —
ווייסטו ניט — טאָ שוויג, און גאָר.

סאַראַ האָט אַ רינג באַקומען,
גאָר אַ שיינער רינג, אַ בליץ;
שלענגלעך צוויי צונויפגעפלאָכטן,
מיט אַ דימענט אינעם שפּיץ.

איניציאַלן,ביידנס נעמען,
איינגעקריצט אין רינג — אַ פּראַכט!
אָבער, זאָג דאָך מיר, מיין ליבער,
ווי האָסטו דעם טאָג פאַרבראַכט?

איך דערצייל פון מיין טאָג אַרבעט,
אות באות, ביז אויפן האָר:
וואָס געשען און איז פאַרלאָפן,
וואָס סע קען געשען, און גאָר.

זאַבאַבאָנעס, פּוסטע מעשות,
שקרים, ליגנס פון גאַזעט;
רוסלאַנדס סטעפּעס פול מיט בערן,
נעגערס לויפן אין געוועט.

און ווי יונגע עסקולאַפּן
היילן טויטע פּגרים אויס —
אַ האַרטנעקיג פאָלק די טויטע,
לאָזן זיך ניט היילן בלויז;

און ביז היינט איז ניט געלונגען
שטעלן אויף די פיס זיי, קינד;
און זיי ווייבען אונטערן מעסער
און זיי קרעכצן: „וויי און ווינד!"

כ'טו אַ קוק אין אירע אויגן —
גרויס, פול אָנגעזאַפּט מיט שרעק;
ווער קען זיך צו דיר איצט גלייכן —
חן און שיינקייט אָן אַ ברעג.

— טייערע, וואָס איז דיר, זאָג מיר,
דו ביסט קאַלט ווי אייז, פאַרשטאַרט...
— איך האָב מורא, נעם אַרום מיך,
דריק צום האַרצן מיך הייס און שטאַרק!

איך הער אויף דערציילן מעשות,
וועלכע וואַרפן אָן אַ גרויל —
ניט געענדיקט בלייבט מיין מעשה,
קושן מיר פאַרמאַכן ס׳מויל.

— ס׳האַרץ פילט מיט, איז שוואַך, האָט מורא
פאַר די טויטע (קענען נאָך
קומען מיר ביינאַכט צו חלום)
פאַר די טויטע, ווייַ און בראָך.

ס׳גייט די זומערנאַכט פאַמעליך,
קיל און שטיל און דופטיק לינד —
שלומערט זי אין מיינע אָרעמס
ווי אַ קליין, אַ פּיצל קינד.

## ב

— אָבער זעלטן, גאָר־גאָר זעלטן
טוען זיך חלומות מישן;
מיד פון פּראַצע שלאָף איך איין באַלד
ווי ס׳פאַלט צו מיין קאָפּ צום קישן.

ווי אַ בוימדל אויסגעריסן
פון אַ שטורעם, צווישן גראָזן,
שלאָף איך איין אויף מיין געלעגער,
ווי נאָר כ׳טו איר שטוב פאַרלאָזן.

האַלט אין צוואַנג אונדז ביי דער אַרבעט,
אין איין זידלען, אין איין פלוכן —
אָך, ווי לאַנג עס ציט דער טאָג זיך,
ווי די שעה׳ן לאַנגזאַם קריכן!

מיר, די אומגליקלעכע שקלאַפינס,
ציילן רגע׳ס און מינוטן
און די אויגן שמאַכטן, שמאַכטן,
נאָכן אָוונט נאָכן גוטן.

דאָ ערשט כאַפּ איך אָפּ מיין אָטעם —
אָך, ווי וואויל דאָ איז אין קילקייט
פון דער בלויער נאַכט אין גאָרטן,
אין געבענטשטער טרייער שטילקייט.

ס׳איז מיר ליב זיך צוצוהערן
צו דעם פּלעסק פון וואַסער — קלאַנגען
פון געברויז און רויש פון כוואַליעס,
סודות׳דיקע פּראַכט־געזאַנגען.

— אמת, דאָ איז שיין, געטרייע,
ס׳שלאָפט דער פּאַרק, די הימלען גרינען;
ס׳גאָלדיקן דורך ביימער־בלעטער
די לאַמטערן, ווי די בינען.

ס׳גאָלדן קעפּל אויף מיין פּלייצע,
כ׳האַלט זי פעסט אַרומגענומען —
כ׳שווער, איך ליב דיך, קינד, אַצינדער,
ס׳פאַלט קיין ליגן פון מיין גומען!

## ג

גוטס און שלעכטס אין האַנט פון פרוי.

אין די קינדער־יאָרן מיינע
האָט מיין מאַמע מיך געלערנט:
(היליק איז געווען איר וואָרט מיר)
זאָלסט ניט שעלטן און ניט שווערן.

שפּעטער בין איך אויסגעוואָקסן
און אַרויס צווישן מענטשן —
מיט אַ האַרץ אַ וואַכס, אַן אָפּנס,
פֿאַר זייער תּפילה, פֿאַר זייער בענטשן —

און פֿאַרנומען פֿאַלשע שבועות,
מענטש דעם צווייטן טוט באַטריגן
און פון יעדן פּלאַץ און ווינקל
קומט די פֿאַלשקייט און דער ליגן.

פֿאַלש אין גאָט דער פּריסטער שווערט זיך,
פֿאַלשע קושן אין די בעטן;
פֿאַלש די שטראָפּרייד פון דעם נביא,
תּורה׳ס אין אוניווערזיטעטן.

כ׳האָב צו זיך געזאָגט אין האַרצן:
כ׳וועל אַ מוסטער זיין אין לעבן —
דורכאויס היליק זאָל מיין וואָרט זיין,
כ׳וועל קיין שבועה קיינמאָל געבן —

זאָלן מענטשן אין מיר גלויבן,
כאָטש כ׳האָב שטאַרק דערפון געליטן,
דאָך געהיט מיין מאַמעס אָנזאָג —
און דערפון זיך אויסגעהיטן.

כ׳בין אַרויס צווישן פרויען
און געווען מיט זיי צוזאַמען;
אומגעגאַנגען, צוגעקוקט זיך, —
כ׳בין פאַרפלייצט מיט זייערע פלאַמען.

און זיי האָבן מיך פאַר׳כשופ׳ט,
מיך מיט זייער רייץ באַצוואונגען —
בלאַס געוואָרן מוטער־ליבע
אינעם גלי פון הייסע פונקען.

כ׳האָב פאַרלאָזט מיין מאַמעס תורה,
ריינקייט, ליכטיקייט פאַרלאָרן;
אין דעם שאַרפן דראַנג נאָך ליבע
איך צום ערשטן מאָל געשוואָרן.

נאָר ווען ס׳האָט דער ים פון לעבן
מיך פאַרשלונגען, זיך צעשטאָרעמט,
מיך באַגעגנט מיט די תהום׳ען —
האָב איך ניט געפלוכט, געצאָרנט.

אַז דער פוס פון די טיראַנען
האָט מיין פאָלק אין שטויב צעטרעטן —
קלאָג איך ניט מיין פיינט זאָל הערן,
מיט מיין פלוך אים ניט צו זעטן.

ווײַנען זאָל די פֿרוי די שוואַכע,
אין איר ווײ איר טאָג פֿאַרשילטן;
פּיצל עופֿה׳לעך פֿון בריסטן
אין אַ כּליפּן ניט געשטילטן.

ס׳טראָגט אַ מאַן אין זיך דאָס ברילן
פֿון אַ לײַב — ווער קען אים שטילן?
ס׳האַרץ זײַנס — קבֿר פֿאַר די פּלאָגן,
ביז אין גרוב זאָל ער זײ טראָגן.

ווען אַמאָל ס׳געשרײ דורכברעכן
ווען די ערד ווערן פֿאַרציטערט;
אַלע אירע פֿונדאַמענטן
ווען אויפֿרײַסן צעשפּליטערט.

וואָס ס׳איז שווער דעם מאַן דעם גבֿור,
וואָס דער צוואַנג קען ניט אויסרײַסן —
קענען טאָן דאָס שײנע אויגן,
קען אַ פֿרויענהאַנט באַווײַזן:

טאָג אין טאָג, באַלד מיט איר קומען,
סוד׳עט זי מיר אײן, פֿול האַס,
וואָס געשען איז בײ דער אַרבעט,
אַלע שטיקלעך פֿון מרשעת:

דער — געשאָלטן, דער געקניפּן,
יענער — אויסגעפּאַטשט דאָס פּנים —
זעט זי אונדז אַמאָל געאַרעמט:
„פֿאַרזיכטיק זײ — מײנע שונאים!"

אויך די קללות און די חרמות
זיינען ניט פון מיר פאַרהוילן —
(זאָלן אויף איר קאָפּ נאָר פאַלן)
ווינטשן אין איר אַלע גרוילן:

אָפּנעמען זאָלן די הענט איר,
קרום און לאָם זאָל זי שוין ווערן,
זאָל איר וואַרפן דאָס קדחת,
זאָלן איר שוין עסן ווערים;

ווערן זאָל זי שטום, די כלב׳טע,
ניט דערגיין זיי שוין די יאָרן...
כ׳ווער מיט זיי אַריינגעצויגן,
כ׳זאָל ניט מער קיין קללות שפּאָרן.

און איך שעלט מיט גוסט, מיט חשק,
אַז ס׳איז גאָרנישט ניט צו שאַצן —
גייט מיר אָן די מכשפה
ווען זי זאָל אפילו פּלאַצן?

לעבט זי מתושלח׳ס יאָרן,
זאָל אַ דבוק פון איר ברומען —
אַז איך קריג פאַר יעדער קללה
הייסע קושן, במזומן...

ד

ס׳טרעפט אויך, אַז זי קומט פאַרטרויערט,
ס׳איז איר קאָפּ אַראָפּגעלאָזן;
טרערן קוועלן אין די אויגן
און דאָס מיילכל פּעסט פאַרשלאָסן.

— אָך, וואָס איז מיט דיר געשען היינט,
וואָס ביסטו פאַרקלעמט, מיין לעבן ?
בלייבט זי שטיל און שווייגט — ערשט נאָכדעם
טוט זי מיר איר ענטפער געבן :

— כ׳בין געקומען אויף אַ רגע,
ניט אויף לאַנג. וואָס זאָל איך זאָגן ?
כ׳וועל שוין קיינמאָל מער ניט קומען —
מ׳האָט מיין מאַמען אָפּגעטראָגן :

אַ פאַרשייטע מויד דיין טאָכטער,
נאָך דער אַרבעט יעדן אָוונט,
טרעפט זי זיך מיט אַ סטודענט דאָרט,
קושט, האַליובעט זיך, גאָר נאָענט.

— שוא ושקר, גאָלע ליגנס,
ניט געדאַכט זאָלן זיי ווערן.
ווער האָט דיך פאַר׳מסור׳ט ? — „ווייס איך ?"
ברעכט אַ לאַכן אויס דורך טרערן.

— אַלטע מוידן איבער דרייסיק,
טעכטער נאָך פון מאַמע חוה ;
פּליידערזעק שוין איבער זעכציק
ביי אַ טעפּל הייסע קאַווע.

— טייערע, הער אויף צו וויינען,
לאָז זיך טרייסטן, הער מיין עצה ;
ווייסט דאָך, אַז זיי זאָגן ליגן —
לען דיין קאָפּ אָן אויף מיין פּלייצע.

ס׳איז דאָך גוט צו דיר דיין מאַמע,
האָט דיך ליב — צו וואָס זיך פּלאָגן?
אויף דיין גוטסקייט און דיין ליבקייט
פאַר דער וועלט כ׳וועל עדות זאָגן.

נאָר אומזיסט די רייד געפּטר׳ט,
אויסגעשאָלטן אירע שכנות;
ס׳האָט אומזיסט מיין צונג געבייטשט זיי,
אָט די באַנדעס פאַלשע זקנות.

וואָס טאָן מער און ניט געטאָן שוין,
אַז זי זאָל זיך טרייסטן לאָזן?
כ׳האָב זי צוגעדריקט צום האַרצן,
זי געגלעט, נישט אָפּגעלאָזן;

כ׳האָב געקושט איר ליב זיס מיילכל,
אירע אויגן, באַנג, דערשראָקן;
כ׳קוש איר שטערן און שפּיץ גאָמבע
און די זיידן־ווייכע לאָקן;

אויך דאָס האַלדז, געשניצט פון מירמל,
צאָפּ — צעפּאַטלט און צעפּאָרן;
כ׳קוש איר האַנט, איך קוש איר פּלייצע,
כ׳קוש דאָס חן־גריבל פון אָרים.

— ניטע, ליבע, זיי ניט ברוגז,
זאָלן אויפשטראַלן די אויגן —
אויסגעטראַכט אויף דיר אַ ליגן:
ניט געשטויגן, ניט געפלויגן!

היידלבערג, 1903

י. י. שוואַרץ

# וואַלד־כישוף

ס׳האָט מיין זון זיך אָנגעצונדן! און אין טאָל און אינדערנידער
גייט דער נעבל אין די צווייגן, ציט זיך, קרויזט זיך מיט אַ ציטער.

און ער קייקלט זיך און פלעכט זיך... ס׳נעמט דער טייך זיך ליכטיק רעגן —
באָרוועס און מיט קעפּ צעפּאַטלט לאָמיר גיין דער זון אַקעגן!

מיט אַ שטעגל אַ פאַרהוילנס און דורך פלאַכן און דורך טאָלן,
און דורך שמאָלע קאָרן־מעזשעס, אָנגעזעצט מיט טוי־קרישטאָלן.

ס׳איז מיין וועג געצירט מיט רויזן, רויזן פּראַכטיקע אויף וואונדער,
איילן מיר פון פרייד צו פריידן מיט געזאַנג, ווי קליינע קינדער.

צונעם וואַלד און טייך! אין טיפקייט פון קרישטאָל־וואַסער פון קילן,
דורכשניידן די קלאָרע כוואַליעס, מיטן פייכטן זאַמד זיך שפּילן.

און צום וואַלד! דער וואַלד טראָגט סודות אין זיין טיף דער אומבאַקאַנטער,
טונקלע ווינקלען, דומפּע קולות, און פון וואָרצלען אַ געפלאָנטער.

שטיינער זינגט די וועלט אַ וועלט איז, שאָרכן רעגן זיך און רעגן
אין דעם בלעטערפאַל פון יאָרן, גריבער אָנגעפילט מיט שרעקן.

פלינקער שטראָם מיט פלוידער־וועלכלאַך, שניידט דעם טאָל אַ ליכטיק־ריינער,
ס׳גייט אין בלעטערדעק אַ פלאַנץ אויף, וואָס געזען האָט נאָך נישט קיינער.

פאַרן האָז אַ טיפע וואוינונג, פאַר דער בין און פייגל — שפּאַלטן,
און אין טאָל ביים ליכט פון זונשיין גראָבן קראָטן זיך באַהאַלטן.

דעמבעס־זקנים טיף געקאַרבטע, שווער באַוואָקסענע מיט שוואָמען,
נעסטן פאַרן גרויען וועוועריק, פול מיט אוצרות אין די תהום׳ען.

לעבעדיקע בערג־מוראַשקעס, ס׳איז אַ פעלדמויז דורכגעפלויגן,
דורכזיכטיקע שלאַנגענפעלכלעך אַקאָרשט נאָר אַראָפּגעצויגן.

אין פרימאָרגנס שרייט דער שפּאַרבער, ווילדע קולות זיך צעטראָגן,
אין ביינאַכטן לאַכט אַ פויגל און די סאָווע האַלט אין קלאָגן.

ריח פון צעפוילטע בלעטער, פון די סאָסנעס דופטן דינע,
און משפחות גרויסע שוועמלאַך, רויטע, ראָזיקע און גרינע

באַראָוויקעס, פוטערשוואָמען און פאַרפּוצטע מוכאָמאָרן —
„פון די גרעסטע ביז די קלענסטע האָבן זאָלט איר לאַנגע יאָרן!״

לעבן זיך דאָ זייער לעבן, שטיל און רואיק און באַשיידן —
ווייטיקן מיט זייער ווייטיק, פרייען זיך מיט זייער פריידן.

איך, דער מענטש דער שטומער, שטיי נאָר, קוק זיך צו דאָ אַ פאַרשעמטער,
כ׳גיי אַ זייטיקער מיין וועג דאָ, כ׳בין אין זייער וועלט אַ פרעמדער.

וואָלט איך קענען — וואָלט איך ריידן מויל צו מויל מיט מאָך און גראָזן,
וואָלט פאַרשטיין די שפּראַך פון ווערבעס און דעם חלום פון בעריאָזן.

ס׳איז געוויס פאַראַנען איינער וואָס פאַרשטייט דעם וואַסער־פלוידער,
ווער ס׳האָט צער מיטן וויינטרויב, ווען זיין הייטל ווערט נישט רויטער.

ווער סע קושט דעם שטאַם פון סאָסנע, וואָס פון אַלטקייט שטייט געבויגן,
און צו וועמען רעדט דאָס ווינטל, און וואָס טוט דער דעמב זיך בויגן?

איינער איז געוויס פאַראַנען, ווער עס סוד׳עט זיך מיט שוואָמען,
שפּילט זיך מיט די וואַסערשפּינען, וועלכע גייען מיט די שטראָמען;

פריידט זיך מיט דער נעסט פון שוואַלבן, מיט די מאַמעס און די קליינע,
שמוצערט צו דער פראָש דער פלינקער: היט זיך, ס׳גייט אויף דיר אַ שונא!

ס׳מוז זיין איינער ווער ס׳זאָל קומען באַרוועס, טרוויריק, קריעה רייסן
אויף אַ טייל וואָס איז פאַרמשפּט אומצוקומען דורכן אייזן.

ס׳דאַרף דאָך זיין אַ שר פון וועלדער, מיט אַ פּנים קנייטשן־שאָטן,
ווי אַ בוים אַ בליצפאַרברענטער, פול מיט נאָדלען אָפּגעשאָטן;

און מיט לאָקן דיקע, לאַנגע, וועלכע פאַלן אויף זיין נאַקן,
ווי די גרינלאַך־גרויע שוואָמען וואָס די זון האָט זיי פאַרבאַקן.

באָרד — צעשויבערט, ברעמען שווערע, וואָס פאַרשאָטענען די אויגן,
ווי די סאַזשלקע אין ווילדוואַלד ווערט פאַרנאַכטצו שוואַרץ־פאַרצויגן.

שטייט דען ניט צווישן סאָסנעס גרייט פאַר אים אַ שטילער היכל,
ווייל ער ליבט, ווי אַלע זקנים, רו און שטילקייט מיט אַ שמייכל.

ס׳זיינען וואַלד־מיידלאַך פאַראַנען, פול מיט סוד, ווי שאַרף פון שווערדן,
ווי די וואָלקנס, ווי די ביינקשאַפט אין דעם אָוונט דעם פאַרקלערטן.

דורכזיכטיקע, לייכטע, באַנגע, אויגן צערטלעכע פון קומער,
ווי דער קלאַנג פון קוואַל אין פעלדער, ווי די פלאַטערלאַך פון זומער.

און די וואַלד־מיידלאַך זיי גייען זייער מיידלש־טאַנץ כסדר
מיט די קרענץ פון וואַסערליליעס אין די האָר און אויף די קליידער.

ביז עס הענגט זיך אויס אַ נעבל אויף די סאַזשלקעס און זומפּן —
און די לבנה אין סוף־חודש האָט אַ פּנים בלאַסן, שטומפּן...

# דער מלך שאול

...איז ער געגאַנגען קיין רמה. האָט ער באַגעגנט
אַ רעדל נביאים וואָס גייט פון מזבח.
פאָראויס זיי — האָט איינער געטראָגן דריי ציגעלאַך,
און איינער — אַ לאָגל וויין און אַ האַרף.
האָבן זיי אים געגעבן צוויי ציגעלאַך און צוויי לעבלאַך ברויט,
און לאָגל וויין און האַרף. — האָט ער גענומען.

איז אַרונטער אַ געטלעכער גייסט אויף אַ נביא —
האָט ער זיך אָפּגערופן און געזאָגט: „פרידן צו דיר,
דו גאָט-געבענטשטער פון מענטשן, גאָטס געזאַלבטער,
און גרעסטער פון אַלע דיינע ברידער! טאָפּלט-געבענטשט
מיט דער ברכה פון גרויסע יסורים און זייערע פריידן,
און מיטן גליק פון זיין אַ האַר צו דיינע ברידער און די לאַסט;
פאַרהילט אין סודות פון אַ הערשער, וואָס איז גוזר
מיט איינס אַ וואָרט זיינס איבער טויט און לעבן;
און אָנגעזאָפּט מיט גרויסער שכרות, שכרות פון אַ זעער,
וואָס זעט מיט אויגן אָפענע דעם שאָטן פון דעם לעבעדיקן גאָט.
און נאָך מער האָסטו זיך דערהויבן, און דיין האַרץ איז ריין
צו איינזאַפּן אין זיך פון דעם באַהאַלטן ליכט.

און אויב דו האָסט נאָך נישט געהייליקט זיך, וועט דיין נשמה ליידן
פון דעם באַריר פון פליגל פון אין־סוף, וואָס פלאַטערן
דורך אייביקייטן, וועלכע גיסן זיך אין אייביקייטן,
אום צו דערגיין, וואָס איז אַזוינס דער סוד פון עכטער פרייהייט..."

איז ער געקומען אין רמה און ביז צום מזבח.
און דאָרט איז געווען אַ נביא פון לעבעדיקן גאָט — דער גרעסטער
פון אַלע זיינע ברידער די נביאים — אַן אויסטערלישער זקן.
האָט ער צעשפּאָלטן אַ ציגעלע — און זיי האָבן עס געבראָטן,
אַ ברכה געמאַכט אויפן ברויט — האָבן זיי געגעסן,
און פון פלייש פאַרזוכט — און זיי זיינען זאַט געוואָרן.

און אַז זיי זיינען זאַט געוואָרן — האָט איינער געשפּילט אויף דער האַרף,
און אַלע האָבן אויפגעהויבן זייער קול און געזונגען.
און זינגענדיק — איז אויף זיי דער גייסט אַרונטער —
האָט איינער אָנגענומען דעם צווייטנס האַנט: די רעכטע האַנט
אין איינעמס לינקער, און די לינקע האַנט אין איינעמס רעכטער,
און זיי האָבן אויפגעהויבן די פיס, און זיינען אַרויס
אין פרומען טאַנץ פאַרן מזבח: האָבן זיי געטאַנצט
מיט אַלע כוחות און מיט זייער גאַנצער נשמה —
איז דער מלך מיט זיי צוזאַמען אַריין אין טאַנץ.

האָבן די נביאים געטאַנצט מיט געפלאָכטענע הענט,
אויף רעכטס און אויף לינקס, און אַלץ מער זיך צעברענט.
אָט גייען זיי פאָרויס און אָט אויף צוריק,
אָט פאַלן זיי אָן און צעפאַלן אין שטיק.
זייער פרייד איז געוואַקסן פון מינוט צו מינוט —
אַרויף צו, אַרויף! — האָט געלעכצט זייער בלוט.

האָט דער מלך אויסגעטאָן זיין גילדענע קרוין,
די פּראַכטיקע שענקייט און צירונג פאַרוואָרפן —
איז געפאַלן די קרוין צו דער ערד, אויף די שטיינדלאַך,
געפאַלן מיט קלאַנג, זיך געקייקלט, געקלונגען,
איז געפאַלן די מויער וואָס צעטיילט און צעשיידט,
די מויער וואָס מענטש האָט פאַר מענטשן געשטעלט —
איז ער געווען אַ ייד ווי אַלע יידן, איינער פון פאָלק.

מיט געפלאָכטענע אָרעמס האָבן זיך די נביאים געדרייט,
אויף רעכטס און אויף לינקס, מיט געשריי און מיט פרייד.
אָט שפּאַלטן זיי זיך און אָט ווערן זיי גאַנץ
אין איין גרויסן עגול, פאַר׳דבקה׳ט אין טאַנץ.
זייער ברען איז געוואָקסן פון מינוט צו מינוט —
אַרויף צו, אַרויף! — האָט געלעכצט זייער בלוט.

האָט דער מלך גענומען זיין האַרף, די האַרף פון בוקסענהאָלץ,
און אַ וואָרף געטאָן דאָס כלי פון געזאַנג אין די צווייגן,
איז די האַרף געפאַלן אויף אַ צווייג, און די סטרונעס
זיינען איבערגעריסן געוואָרן: יעדע סטרונע מיט איר זיפץ.
איז אויך געפאַלן די מויער וואָס טיילט פאַנאַנדער
צווישן אים און אַלע אַנדערע מענטשן,
די מחיצה וואָס דער בורא־עולם האָט אויפגעשטעלט —
איז ער געוואָרן ווי אַלע מענטשן אויף דער ערד.

מיט געפלאָכטענע הענט, ווי משוגע אינגאַנצן
געפלויגן, געשוועבט אין באַגייסטערטן טאַנצן,
באַהאַפטן און צוגעדריקט ברוסט צו ברוסט
האָט איין גוף דעם צווייטן געהאַלזט און געקושט.

זייער נאַטעקייט וואַקסט פון מינוט צו מינוט —
אַרויף צו! אַרויף צו! — גייט אויס זייער בלוט.

האָט ער אויסגעטאָן זיין שווערד, זיין שטאָלצע שווערד,
און אַוועקגעוואָרפן זיין כלי־זיין אויף אַ פעלזן,
איז דאָס מערדערישע כלי געפאַלן אויף אַ שטיין.
האָט עס דעם פעלז באַגעגנט, האָט עס געקלונגען אויפן קול.
איז אויך צעפאַלן די מויער, וואָס טיילט פאַנאַנדער
צווישן אים און אַלע בעלי־חיים אויף דער ערד,
די מחיצה פון האָס צווישן מענטש און בעל־חי —
איז ער געווען ווי אַלץ וואָס אָטעמט אויף דער ערד.

האָבן די נביאים זיך געדרייט און געטאַנצט אַרומגענומען,
צום הימל געשוועבט, און אַהין נישט דערקומען.
אין שטורם געטראָגן אַרונטער, אַרויף —
און קענען ניט פאַנאַנדערשיידן צווישן גוף און גוף.
זייער ווילדקייט איז געשטיגן פון מינוט צו מינוט —
אַרויף צו, אַרויף! — האָט געריסן זיך ס׳בלוט.

האָט ער אויסגעטאָן זיינע קליידער, די קעסטלאַכע קליידער,
איז זיין קעניגלעך מלבוש געפאַלן אויף דער ערד;
איז דאָס פּראַכטיקע לייוונט געפאַלן אויפן וועג,
געלעגן און געבלאַנקט מיט זיין געהאָפטנקייט און ווייסקייט.
איז אויך געפאַלן די מחיצה וואָס טיילט פאַנאַנדער
צווישן אים און דעם גאַנצן באַשאַף אויף דער ערד,
וואָס די בראשית׳דיקע כוחות האָבן אויפגעשטעלט:
ער איז געווען ווי אַלע באַשאַפענע דורך גאָטס וואָרט.

י. י. שוואַרץ

ווי אײן גוף מיט אַ סך פּנים׳ער זײנען די נביאים צונויפגעגומען,
אויף רעכטס און אויף לינקס מיט די טענץ אָנגעקומען.
שלאָגן אָן זיך אָן בוימער, אָן די שטײנער פון מזבח,
און קײקלען זיך אין גראָז מיטן וואונדערלעכן ריח.
זײער דבקות איז געוואָקסן פון מינוט צו מינוט —
אַרויף צו, אַרויף צו! — גײט אויס זײער בלוט.

איז אַרונטער גאָטס גײסט אויף זײן געזאַלבטן:
און ער האָט אויך געזאָגט נביאות אין דער מחנה,
איז ער געוואָרן אײנס מיטן גאַנצן באַשאַף,
אײן קלײנער פּונקט אין דעם אין־סוף פון וועלטן,
צו ליבען און באַהעפטן זיך מיט דער יצירה.
איז ער געפאַלן נאַקעט יענעם גאַנצן טאָג
און גאַנצע נאַכט... נאַקעט, נאַקעט, נאַקעט...

1925

שאול טשערניכאָווסקי

# אין „עין־דור"

(באַלאַדע)

...האַלבנאַכט. אויף זיין פערד, אָן שווערד און אָן בויגן
איז שאול־המלך אין עין־דור אָנגעפלויגן.

און אין איינס אין אַ הויז האָט אַ ליכט זיך געוויזן —
„דאָ וואוינט זי" — האָט שטיל אים זיין יונג אָנגעוויזן.

— „ביסטו דאָס די צויבערין?" — „מיין האַר דאָס בין איך".
— „רוף אַרויס מיר דעם גייסט פונעם זעער — נאָר גיך!"

אין חושך — אַ פייער אַ גרויליקס, אַ קעסל,
און נעמען פון שדים און ברויזיק געבלעזל.

ווי אַ שלאַנג וואָס קנוילט זיך צווישן די גראָזן
אַזוי קנוילט און קנוילט זיך דער רויך אויפגעבלאָזן.

אין פאַרכשופטן צירקל געצייכנט מיט שוועבל
שטייט שטיל דאָרט דער מלך אין פינצטערן נעבל.

און בילדער פון גרויל און פון אַנגסטיקע שרעקן,
און שוויס־טראָפּנס שווערע זיין פנים פאַרדעקן.

זיין מוט איז געבראָכן, דאָס האַרץ איז געפאַלן
און זאָגט אים נביאות: פאַרפאַלן, פאַרפאַלן.

און ס'שווינדלט זיין לעבן פאַרביי פאַר די בליקן —
„אָך לאָזט מיך, אָך לאָזט מיך" — שטיל שעפּטשען די ליפּן.

דאָס פינצטערניש, פייער פון גרויל און געבלעזל,
פאַרכשופטער עיגול און רויך פון דעם קעסל.

האָט דער מלך דערמאָנט זיך אָן די יונגע יאָרן,
נאָך איידער זיין הימל איז פינצטער געוואָרן.

איין בילד נאָכן צווייטן אַלץ לויטערער, לינדער —
עס פאַשן זיך סטאַדעס פון שאָף און רינדער.

אַ טיף־בלויער הימל, אַ ליכטיקע שטילקייט,
ס'ליגט אויסגעשפּרייט אונטער דער צווייגיקער קילקייט

דאָס יינגל דער פאַסטוך... דאָס האַרץ נעמט אַזש זינגען,
ווי לויטער די גלעקלעך פון פי טוען קלינגען.

— „ווי גליקלעך און יונג איך בין דעמאָלט געווען,
„אָך, וואָלט איך געקענט ווי אַמאָל זיין געוועזן!"

אַ מורא'דיק ווייִ האָט אין האַרץ זיך געביסן
און ס'האָט אַ גוס טרערן פון האַלדז זיך געריסן.

אַ דונער האָט פּלוצים אַדורך זיך געבראָכן
און בליץ האָט אין שוואַרצקייט געשפּיזט און געשטאָכן:

„דאָ בין איך, דער זעער, אויף דיין רוף געקומען,
„ס'האָב איך דיך פון הינטער די שאָף גענומען;

„פאַר מלך געזאַלבט דיך אין פאַלאַץ צו לעבן,
„דאָס בעסט פון ישראל אין האַנט דיר געגעבן;

„וואָס האָסטו מיך היינט פון מיין רו אויפגעציטערט,
„וואָס האָסטו מיין אייביקן שלאָף מיר צעשפליטערט."

— „פאַרוואָס האָסטו מיך פון די שאָף צוגענומען?
„ס'איז מיין כח געוואָרן צערונען, פאַרשוואומען,

„כ'האָב די יאָרן פאַרשווענדט אין מלחמה און צאָרן,
„דאָס גליק פון מיין הויז איז צעשטערט מיר געוואָרן;

„עס רינגלען די פלשתים מיך אום ווי מיט צוואַנגען,
„ביז טויט האַלט דער גייסט מיך דער בייזער געפאַנגען;

„דו, געטלעכער מאַן, וואָס האָט גאָט מיר צו זאָגן?
„ווי זאָל איך מיין לייד און מיין אומגליק פאַרטראָגן?"

— „די שטראָף פאַר דיין שטאָלץ, דיין ניט קענען זיך צאַמען,
„און מאָרגן וועסטו זיין שוין מיט מיר צוזאַמען".

אין וואַך פון פרימאָרגן, אָן שווערד און אָן בויגן,
האָט דער מלך, אַ שטילער, צוריק זיך געצויגן.

און זיין פנים איז בלאַס, נאָר אָן מורא אין האַרצן,
אין די גליאיקע אויגן — דער יאוש אין שוואַרצן...

# שאול׳ס קבורה

טריט און טריט געמאָסטן, מאַן ביים צווייטנס זייט,
אַ הייפל מענטשן־העלדן פון קעניג שאולס לייט,
טראָגן דאָרט אויף שטאַנגען, טראָגן זאַלבעצווייט,
גופים דריי אין מצריש־לייוונט איינגעגנייט;
איינעם נאָכן צווייטן — קרעפטיק יעדער גוף,
נאָר קרעפטיקער און שטאַרקער איז דער פערטער גוף.
דורכן לייוונט בולט זעט דער גוף זיך אָן,
קענטיק, יעדער אבר פון אַ העלד אַ מאַן.
דוכט זיך, ער איז ווידער הויך און שטאַרק און גרויס,
ווי אַמאָל אין מצפּה — לעבעדיק דורכויס.
לעבעדיק די אויגן, שמייכל אויפן מויל,
איידער ס׳האָט דער נביא אים געזאַלבט מיט אויל,
איידער ליין און פּורפּור איז געווען זיין קלייד,
איידער ס׳האָט זיין נאָמען געקלונגען ווייט און ברייט.

בויגן זיך די פּלייצעס פון שווערקייט פון דעם גוף,
נעמען מיטן וויסטן מדבר זיך אַרויף —
אין דעם שפּור פון טיגערס, אין די לייבנס־טריט,
הונגעריק און דורשטיק די קליינע מחנה ציט;
גייען באַרג אַרויף אַלץ — הרודעס, וויצנפעלד —
וויל פון פּלשתּים׳ס פּייערס ליגט דער טאָל באַהעלט.

ציען זיי קיין גלעד — אָט איז גלעד באַלד —
קלאַמערט זיי די שוואַרצקייט פון דער נאַכט און האַלט,
וואַקלט זיך קיין פוס ניט, האַנט — ניט אָפּגעשוואַכט,
שטייט אַ בוים פונוויטנס, שוואַרצט זיך אין דער נאַכט.

טריט אין טריט געמאָסטן, מאַן ביים צווייטנס זייט,
אַ הייפל מענטשן־העלדן פון קעניג שאולס לייט —
טאָל... אַ וואַסער־טייכל... פעלזנוועגט און פלוין —
אָט און באַלד אַנטקעגן שוואַרצט די בלעטער־קרוין.
דאָרט וועט זיין דער קבר פון זייער קעניג־העלד,
ס׳וועט ניט זיין קיין צייכן, ניט קיין שטיין אין פעלד;
שניידט דעם טאמאריסק אָפּ, זעגט ווער אָפּ די לינד,
וועט קיין זכר בלייבן, פעלד איז שטום און בלינד.
קיינער זאָל ניט וויסן, וואו זיין קבר איז,
פאַרשוועכן זאָל קיין פלשתי דעם קבר מיט די פיס,
קיין אייגענער, קיין פרעמדער, ניט גוט און אויך ניט שלעכט,
ניט אפילו דוד, דער בית־לחם קנעכט.

עמיץ, טרעפט, דערמאָנט אים, דערציילט ער צונ׳ם דור
לידער פון גלבוע, כשוף פון עין־דור,
אים, דעם יחיד־קעניג, נביא פעסט אין מוט,
בונט מיט שווערד געשלאָסן און באַצאָלט מיט בלוט.
איינער, וואָס ברייטהאַרציק, באַשיידן, האָט באַגערט
זיך און זיינע קינדער אָפּגעבן צום שווערד.
קען דער לייב דען פעלשן אין זיין פעלזן־זייט?
און ווי אַ לייב געפאַלן, ער און זיינע לייט.

# די גלאָקן

צום גלאָקן־געקלאַנג וואָס ברומט נאָך בלוט:
בים־באָם! בים־באָם! בים־באָם!
איז געפאַלן די שטאָט. היידאַמאַקעס
זיי האָבן געשחט׳ן, געשענדט און געקעפּט
און ס׳פאָלק האָט דאָס אידישע האָב־און־גוט
צערויבט און צעשלעפּט.

דריי טעג זיינען טויטע געלעגן אין גאַס,
אויפן דריטן — אין גרוב זיי געשמיסן;
די שול איז פאַרשוועכט, ספרי־תורה פאַרשמוצט,
צעטראָטן, אויף שטיקער צעריסן.
אַ טורעמדיק קלויסטער אַ ווייסן געבויט
און גלאָקן אַריין דאָרט געהאַנגען;
און ווען ס׳האָט דער כומר זיך דאַווענען געשטעלט —
זיי זיינען זיך ברומיק פאַרגאַנגען:
בים־באָם! בים־באָם!

האָט איינער אַ למד־וואָווניק דערהערט —
אין האַרבסטיקער נאַכט, ניט געזען, ניט געהערט,
געקומען און אָפּגעזאָגט קדיש:
„יתגדל ויתקדש!"

איז ווי ער בלייבט שטיל נאָר — אַרום און אַרום
האָט דער גלאָק אינעם קלויסטער געגעבן אַ ברום
און די קלענערע גלאָקן מיטגעקרעכצט פרום:
„אמן!
אמן ואמן!"

דער כומר דערהערט — קומט צולויפן דערשראָקן,
דאָס פאָלק איז צונויף זיך געלאָפן;
דער בישאָף און אַרציבישאָף —
געשפריצט הייליק וואַסער און תפלות געזונגען
כדי צו פאַרריכטן דעם פגם פון די גלאָקן.
דער גלאָק האָט פון קלויסטער זיך ווידער צעקלונגען
און ס׳האָבן די קלענערע גלאָקן דערוואַכט
מיט חן און מיט פראַכט:
בים־באָם! בים־באָם!

נאָר שפּעט אין דער נאַכט, שוין צו תקון־חצות,
איז ווידער דער וואונדער געשען:
דער גלאָק האָט זיך ווידער צעזיפצט מיט געוויין
און קלענערע גלאָקן געענטפערט מיט חן,
אין טרויער־געקלאַנג אַזוי קלאָר און ריין:
„אמן!
אמן ואמן!"

1925

י. י. שוואַרץ

# אַ ליד

אין האַרצן זינגט אַ ליד און קלינגט
פון אַלטע צייטן גאָר —
פון מדבר היץ, פון שטראַל און בליץ,
פון זעאונג ביים טייך כבר.
אין פלאַם צעשפּילט, פון טוי געקילט,
אין הייסער גרויסער קראַפט —
האָט מיך פאַרפלייצט, מיין בלוט געררייצט:
שטיי אויף און קעמף און שאַף!
קומט אויף און קוועלט און שטראָמט און העלט
און פילט אָן פול דאָס האַרץ:
דאָס ליד פון בלוט, דאָס ליד פון מוט,
ס׳געזאַנג פון גבורה, מאַכט.

ווען אויף די פעלדער גאָלדן ברויט
רופט גאָט אַרויס דעם טויט
מיט רעגנס בלוט, און ס׳איז זיין שניט
יונג־לעבן, פריש און רויט —
וואָס ביסטו, בלוט, וואָס פליסט אין מיר,
פון אַלטע דורות בלוט?

ביסטו פון פירשטן פון אַמאָל,
פון לאַנד פון זון און גלות ?
געהיימער רוף פון ערשטן דור,
אַ יונגער דור אויף דר׳ערד —
אַ דור וואָס ראַנגלט זיך מיט גאָט
און לאַכט זיך אויס פון שווערד.

וואָס ביסטו, בלוט, וואָס ברויזט אין מיר,
פון קדושי ת״ח ות״ט ?
איך שטרעק מיין האַלדז צום מעסער ניט —
אין קאַמף שטאַרב, ניט אין שמד.
אָ ניין, איך האָב אַ שווערד אין האַנט,
מיין פויסט איז פעסט געראָלט —
באַגעגנט מיך דער חיה־מענטש
איז בלוט פאַר בלוט געצאָלט !

וואָס ביסטו, בלוט, וואָס זידט אין מיר —
ביסטו פון שפּאַניעס׳ס לאַנד,
וואו מיר האָבן אין שוואַרץ־פּאַראַד
געשפּאַנט צום פייערבראַנד ?
כ׳בין ניט קיין שטומע שאָף וואָס שפּאַנט
צום שטומען סוף געפירט —
צעשמעטער זיך דיין קאָפּ אָן וואַנט,
נאָר ניט פון שונא׳ס האַנט !

וואָס ביסטו, בלוט, וואָס קאָכט אין מיר —
וואָס שטאַרבט מיטן „אחד״ ?
איך בין פאַרצווייפלט שוין פון אים
און ראַנגל זיך ניט מיט גאָט.

און נאַסע שוואָמען אויפן האַרץ
וואָס ליידיק איז און לער —
זיינען ניט פאַר דעם וואָס פאַנצער טראָגט
און שיצט זיך מיט זיין שווערד.

וואָס ביסטו, בלוט, וואָס רוישט אין מיר —
מכבי־בלוט ? — אָ ניין !
אין פעלקער־קאַמפן אויף דער ערד
כ׳האָב נערוון — מירמלשטיין.
עס פלייצט מיין בלוט פון וואונדן צוועלף
ביז היינט צו טאָג אין שטראָם —
ניט אויף מיין ערד טוט פליי‌צן ס׳בלוט,
און טיף איז, רויט, דער תהום.

וואָס ביסטו, בלוט, וואָס זינגט אין מיר ?
ביסט דור־המדבר בלוט !
דאָס בלוט פון איינדרינגער אין לאַנד
וואָס רוישט און ברויזט מיט גלוט.
ס׳רופט ווידער מיך דאָס שטאַרקע ליד
אין פייער איינגעברענט :
שטייגט אויפן באַרג, געוואַגט און שטאַרק,
אַלץ וואָס איר זעט פאַרנעמט !

אָ קלאָגט איר איינוואוינער ביים ים,
דו, פלשתי, בויג דיין קאַרק —
דער ירדן דיינס, לבנון דיינס,
דאָס פלאַכלאַנד און דער באַרג.

שאול טשערניכאָווסקי

פון טייך פון פּרת ביז קיין חמת,
דאָס ברייטע מדבר־לאַנד,
וואָס ליגט אַקעגן זון צעשפּרייט,
באַצייכנט דורך גאָט׳ס האַנט.
באַצווינגט דאָס לאַנד מיט שטאַרקער האַנט
און וואָרצלט איין זיך דאָרט —
אַ בנין בויט אַן אייביקן
פאַר קומענדיקן דור!

1916

י. י. שוואַרץ

# אַ ליד וועגן די טענצערינס

...און אַלע פרויען זיינען אַרויס נאָך איר
מיט פויקן און מיט טענץ... (שמות, ט״ז, כ׳)

פויק צו פויק פאַרגייט זיך, ברומט, פויק צו פויק פויקט אויס און ווינקט.
מיטן פויק צונויפגעגאָסן, ווי דאָס הענטל מיטן קלינג —
מויד אין מויד! און אַלע מוידן שוועבן־שווימען האַנט אין האַנט
ווי דער שטורעם פונעם מדבר און געווירבל פונעם זאַמד.
טראָגן זיך אַקעגן עדה אין פאַרשייטן טאַנץ צעשטיפט
ווילד צעפלאָסן און האַרמאָניש: שלאַנקער פוס און שווערע היפט.
זונות הייליקע און חצופות בלוט־אומשולדיקע אין שפּאַן:
ברוסטן מאָנען, היפטן צינדן דאָס געבלוט פון חתן־מאַן.
אין דעם ווירבלדיקן טאַנצן און אין גלוסטיקן געפּאַנג
שוועבט די אָרעמבענדער קלינגען, פּוסבאַנד רייצט מיט כּשוף־קלאַנג.
— הוי דו מאַן דו העלד! צום היכל נעם מיך, מאַך מיך פאַר דיין ווייב,
צינד די קילע ברוסט אין פייער, נעם אין דיינע הענט מיין לייב!
— ס'האָט נאָך קיינער מיינע קניען ניט געזען ביז דער מינוט,
איך פאַרהייב מיין קלייד וואָס העכער אָנצוצינדן דיר דיין בלוט!
— גיב מיר זרע פון אַ שטאַרקן, פון אַ האַרטנעקיקן דור!
ס'האָט באַמאַנט מיך מאַן פון מענער, חתן־מאַן אויף לאַנגע יאָר!
— און מיין זרע וועט זיין הייליק, טאָפּלט פלאַם און טאָפּלט לוסט,
אין דער הייליקער מיסטעריע וואָס אין פלאַמעדיקער ברוסט!

— זיי אַ דור אַ שטאָלצן, בייזן, ווי דער מדבר־סין צעגליט,
זעט די וואונדער און די צייכנס, אָבער גלויבן גלויבט ער ניט!
— דור וואָס פּאַסט זיך פאַר די קברים אין דעם מדבר׳ס זאַמדפאַרוויי,
מיט פאַרקריצטע ציין ביי קברים, אָן הספדים, אָן געשריי.
— דור וואָס פאַלט אין מדבר־זאַמדן, שטאַרבט פון גיפט פון שלאַנגענציין,
שלאַנגען, שליחים פון די געטער, דור פון אייזן און פון שטיין!

שוועבן־שווימען — און די גלידער מאַנען: נעמט אונדז און באַצווינגט!
ס׳רופט דער קנייטש פון יעדער הילע און דער פּוס מיט וואונקען ווינקט.
ס׳זיינען מאַמעס פון די שבטים, מאַמעס פון אַ פאָלק אין בלי,
שטעלן אויף זיינע חיילות אין אַ תאווה׳דיקן גלי.
זיי פאַרזייען פאַר דער צוקונפט, פאַרן לעצטן טאָג פון זיג,
דור וואָס שטייט אין בלוט און פייער, אַ געצונדענער אין קריג.
פאַר די שווערדן פון לעגיאָנען, פאַרן ראָד און פלאַם וואָס גליט
און פאַר לעבעדיקע קברים... די תלינים מאַכן מיד.
פאַרן שלונד פון ווילדע חיות, פאַר הרוגים אויף דער וואַנט,
זאַט צו מאַכן שאַרף פון מעסער, פּילן תהום׳ען ביז צום ראַנד.

טראָגן זיך אַקעגן עדה אין דעם ווילדן טאַנץ צעשטיפט —
זיי, די מאַמעס פון די שבטים: שלאַנקער פוס און שווערע היפט!

1936

# אַ טאַנץ לכבוד דער כלה

מ׳האָט געזאָגט אויף רבי יהודה בר עילאי, אַז ער פלעגט נעמען אַ מירטנצווייגל און טאַנצן פאַר דער כלה. מר שמואל בר רב יצחק האָט געטאַנצט מיט דריי. מאַכט רש״י: מיט דריי צווייגלעך, וואַרפט איינס און כאַפּט איינס. (כתובות יז, ע״א)

אינעם רעדל פון תלמידים
שפּאַנט דער רבי, שטאָלץ, געהויבן;
שטעלט ער טריט נאָך טראָט בנעימות,
פּאָלעס פון זיין טראַכט פאַרהויבן.

יוגנטלעכע, פרישע כוחות —
פלינק און מונטער, פייל פון בויגן;
פּאַטשט די הענט אין גרויס התלהבות,
שטראַלט דאָס גליק אים פון די אויגן.

פלאַמט דאָס פּנים זיינס פאַר נחת,
פייער שלאָגט פון גוף פון גאַנצן —
אין געזעמל פון תלמידים
שאַלט ער, שטראַלט ער אין זיין טאַנצן.

אין די הענט דריי מירטנשטיינגלעך,
האַלט אין וואַרפן — זעט נאָר, זעט:
איין האַנט וואַרפט, די צווייטע כאַפּט זיי —
וואָס דאָס קונצנמאַכן? רעדט!

זאָגט, איך בעט אייך, מיר, דעם פרעמדן,
וואָס אַזוינס איז דאָ געשען,
וואָס דער רבי איז היינט פריילעך,
ס׳גליט דעם אַלטנס האַרץ אין ברען?

וואָס דאָס טאַנצן און דאָס בליצן?
אין אַ סוגיה זיך געקליגט
און אַ דין גע׳פסק׳נט? ווידער
דאָס בית־שמאי היינט באַזיגט?

האָט די ערד געדורשט נאָך וואַסער
און — געבענטשטער רעגן פאַלט?
קומט אַ קאָנסול אַ גר־צדק,
און — אויס צרות, אויס געוואַלט?

וואָס דאָס טאַנצן, וואָס דאָס שאַלן,
וואָס איז ער פון פרייד צעשפּילט?
איז אין לאַנד געוואָרן רואיק,
די מלחמה איינגעשטילט?

איז שוין רוים צולעצט געפאַלן,
וואָס באַהערשט די גאַנצע וועלט?
האָבן זיך אַריינגעריסן
די באַרבאַרן און פאַרשטעלט

אַלע שטעט אירע אין נעבל?
און — אויס רשעות׳דיקע מאַכט —
ברידער זיינען גאַנץ מיט ברידער
און — ניטאָ מער קריג און שלאַכט?

*

ניט געאַמפּערט זיך אין סוגיות,
ניט געשפּאַרט זיך אין אַ דין,
וואָס בית־שמאי מוסר־נפש
וואָלטן זיך געווען דערין.

וואָס מיר רעגן, ווען מיר רעגן?
קאָנסול גייט און קאָנסול קומט —
אויב מען וויל ניט קומט קיין בראָך ניט
און די פּאָליטיק פאַרשטומט.

זיכער אַלץ נאָך אין זיין גרעניץ
איז דאָס רשעות מיט זיין יאָך;
ס׳קושט נאָך אַלץ אין שווערד דער צווייטער
ווי אין אַלטע צייטן נאָך.

רוים איז אַלץ נאָך גרויס און מעכטיק
און באַהערשט די גאַנצע וועלט;
פול מיט גאַל איז אַלץ דאָס בעכער
און קיין איינציק טראָפּן פעלט.

ס׳גייט נאָך אָן אין לאַנד מלחמה —
און דער גרויסער ברידער־קריג

איז נאָך ערגער פאַרן שונא —
אומגליק פייערט אַלץ זיין זיג.

*

נייך, דער רבי טאַנצט און הוליעט
פריידיק, לוסטיק, ווי אַמאָל —
אויף דער חתונה אַ גאַסט דאָ,
חתנ׳ס קול און כלה׳ס קול!

אין ישראל נאָך אַ הויז דאָ,
אין יהודה — נאָך אַ נעסט;
בליצט זיין אויג און פריידט זיין האַרץ זיך,
איז דאָ גאַסט צווישן געסט.

ווי צו טאַנצן פאַר דער כלה
קומט ער ווייזן דאָ אין רינג —
פויקן, קלאַפּט און טאַצן, קלינגלט,
לייכט זיין גוף, זיין פוס איז גרינג.

נאָך אַ הויז געבויט אין לאַנד דאָ,
איז זיין שמחה גרויס אין לעבן;
ניי די נעסט — דער רבי בענטשט זי —
מיר, וואָס זאָלן מיר דערגעבן?:

בליען זאָל דער דור בחורים
פול מיט גבורה, ציכטיק, ריין;
לויכטן זאָלן אונדזערע טעכטער
צניעותדיק, אין גרויסן חן.

זאָל קול חתן וקול כלה
קלינגען איבערן גאַנצן לאַנד;
ס׳לאַכן פון אַ פרוי געצערטלט
אויף די קניען פון איר מאַן.

ווידער זאָלן זיך צעבליען
די פאַרוויסטע אַלטע שטעט;
נייע דערפער זאָלן אויפגיין
אין גרויס שפע און אין זעט.

אויסגעריסן ווי אַ דאָרן
זאָל די וויסטע שנאה זיין —
טיילט פאַנאַנדער ברידער, פעלקער,
מיט איר צאָרן, לייד און פיין.

זאָל פאַרשווינדן פונעם לאַנד דאָ
ס׳גאַנצע רשעות און זיין גזר;
זאָל אין וועלט ניט זיין קיין קנעכט מער,
זאָל ניט זיין אין איר קיין האַר.

אין די טעג מיינע און אייערע,
און ביי אייער לעבן היינט —
אין דעם פאָלק ישראל׳ס לעבן
און ביים לעבן פונעם פיינט.

זאָל ישראל רוען זיכער
און יהודה געהאָלפן ווערן —
און אין תורה און עבודה
זאָלן זיי זיך זיכער מערן.

# דער מענטש

דער מענטש איז מער ניט, ווי אַ שטיקל ערד אַ קליינס,
דער מענטש איז מער ניט, ווי אַן אָפּבילד פון געבוירנפּלאַץ.
בלויז דאָס, וואָס ס׳האָט זיין אויער איינגעזאַפּט, ווען פריש,
בלויז דאָס, וואָס ס׳האָט זיין בליק אַריינגעזאַפּט, ווען יונג,
אַלץ וואָס אַ קינד האָט אָנבאַגעגנט אויף באַטויטע שטעגן,
אַ קינד אַ צאַרטס, וואָס שטרויכלט איבער הרודעס ערד,
ווען טיף פאַרבאָרגן אינעם האַרצן אַ מזבח שטייט
אויף וועלכן ער איז מקריב דאָרט קרבנות צו דער זון,
די מלכה פונעם הימל, און די שטערן און מזלות.
נאָר מיטן לויף פון צייט, און אין מלחמה פאַרן זיין,
ווען די מגילה פון זיין לעבן וויקלט זיך פאַנאַנדער
דאַן קומט אָן איינציקווייז, אַנטפּלעקט זיך דאָס באַדייט
פון יעדן אות און יעדן צייכן, וואָס עס מוז געשען,
פאַרקריצט געווען אין איר פון סאַמע אָנהייב. —
דער מענטש איז מער ניט, ווי אַן אָפּבילד פון געבוירנפּלאַץ.

אין יענעם ווינקל ערד, וואו כ׳האָב די וועלט דערזען,
אין ברייטקייט פון דער בלויער סטעפּ, דאָרט חלומ׳ען
פאַרהייליקטע קורגאַנען איבער נאָמענלאָזע קברים.

ס׳ווייסט קיינער נישט, ווער ס׳האָט זיי אָנגעשאָטן,
ווער איז דער מאַן, וואָס שלאָפט זיין שלאָף דעם אייביקן.
אין שטיין־סטאַטועז איינגעהילט אין שטויב פון דורות
זיי קוקן דורך פאַרשטויבטע, גרויע גרעניצן,
פונקט ווי די סטעפּ אַליין, נאָך איידער ס׳פאַלט דער רעגן
אין אָנהייב חודש אלול, ווען זי טרינקט, שפּאַלט זיך
אין גרויסע הרודעס, קעסטלט זיך אין טיפע שפּאַלטן,
מלוכות גייען אויף און מלוכות גייען אונטער,
עס ווערן גרעניצן פאַרווישט און ווידער אויפגעשטעלט —
און זיי, זיי שטייען אויפן פּלאַץ, ווי די מצבות
אויף עפּעס גאָר אַ וואונדערלאַכן עבר, אַ פאַרגעסענעם,
ביז אָפּגעווישט צו ווערן פון לעגענדן און באַלאַדן.

אין יענעם ווינקל ערד, וואו כ׳האָב די וועלט דערזען,
דאָרט וואוינען פעלד־אָדלערס, די איינזאַמע פון סטעפּ,
די ריזן־אָדלערס, מיט די ברוינע פליגל, ברוינע פעדערן,
ווי סנאָפּעס ווייץ, וואָס שניטערס האָבן זיי פאַרגעסן,
פאַרברוינט פון ווינטן, אויסגעקלאַפּט פון היץ און רעגנס,
און ס׳טרעפט, אַן אָדלער בידערט אויפן וועג אַרונטער
און פונדערווייטנס קומט אַ מענטש אַנטקעגן, קוקט זיך צו,
און חדוש׳ט זיך און טראַכט אין האַרצן: „וואָס איז דאָס?
אַ סנאָפּ, און נישט קיין סנאָפּ, אַ פויגל, נישט קיין פויגל״...
און ווען ער קרייזט די קרייזן מעכטיקע אין הימל
און וואַרפט זיין ווילד געשריי אַרונטער צו דער ערד —
פאַרשטייט אים ווער? ווער ווייסט, פאַרוואָס דער פויגל שרייט?
איז דאָס אַ זיפץ אַזאַ, צי איז אַזוינס זיין ליד?
און עלנט, אָן אַ האַרץ וואָס פילט און אָן אַן אָפּקלאַנג
איז עלנט זיין געשריי — און שטאַרבט אין סטעפּ.

אין יענעם ווינקל ערד, וואו כ׳האָב די וועלט דערזען,
איז דאָ אַ וואַנדערער אַן אייביקער, אַ נע־ונד׳ניק,
נישטאָ קיין פעלד וואו ער איז ניט אַדורך, קיין וועג און שטעג,
וואָס ער האָט ניט באַרירט, ניט דורכגעקרייצט.
ער שוועבט, ציט דורך פון איין ברעג לאַנד צום צווייטן.
צי ווייסט איר, ווער דאָס איז דער נע־ונד׳ניק? ס׳איז דער ווינט!
אָט פירט ער וואָלקנס גרויע, שווער ווי בליי,
אָט מאַכט ער זיך משוגע אין דער גרויסער רחבות,
אָט יאָגט ער זיך מיט וואָלקנס שטויב דעם טאָג פאַרטונקלען,
און אָט צעהוליעט ער זיך מיטן שניי און אייז,
און האָט קיין אָפּהאַלט ניט, ניטאָ ווער ס׳זאָל אים צאַמען.
נאָר ווען ער ווענדט זיך און פאַרנעמט זיך צו דעם דרום —
ווען אים פאַרוועלט זיך קומען צו דעם דרומ׳דיקן ים,
דאַן שטעלן זיך אין וועג אים און פאַרצאַמען אים
די פעלזן און די בערג וואָס שטייען דאָרט פון אייביק.

ווי דאָס געשטאַלט פון יענעם ווינקל, וואו איך בין געבוירן —
אַזוי האָט זיך מיין לעבן אויפגעוויקלט און מיין מזל,
אין זיין געשטאַלט און בילד האָב איך געוועבט מיין חלום:
מיט אַ נשמה ריין און פריי פון שפּאַלטן און פון ריסן,
און מיט אַ האַרץ אַ גאַנצס אויף אַלע סטרונעס, אַ האַרמאָנישס,
האָב איך, אַן איינזאַמער, געבלאָנדזשעט ביי מיין פאָלק,
וואָס טראָגט די ברכה און די קללה פון די „גרויסע קברים״.
מיין ליד איז פרעמד, מיין ליד איז פון זיין האַרצן ווייט,
עס איז געקומען איינזאַם, וועט פאַרשווינדן איינזאַם,
און עלנט, אָן אַ האַרץ וואָס פילט און אָן אַן אָפּקלאַנג,
ווי דאָס געשריי פון אָדלער איינזאַמען, זיין ווילד געשריי.
און ווי דער ווינט וואָס וואַנדערט אום אויף אייביק,
האָב איך פון ים צו ים געוואַנדערט אַלע מיינע יאָרן;

אונ אַז איך האָב געוואָלט צום דרומ׳דיקן ים דערגיין,
האָבן די בערג מיין וועג פאַרצאַמט...
און וואו זאָל איך מיין נעסט איצט בויען?

ס׳איז ברייטקייט נאָך פאַראַן און וועגן — לאָמיך גיין...

# קרימער סאָנעטן

## א

## דער ים אין יאַלטע

די יונגפרוי יאַלטע האָט זיך שטיל אַראָפּגעגליטשט —
דאָ קומט דער האַר פון ים און זוכט זי צו פאַרפירן,
און קליידער שפּרייט ער אויס פאַר איר וואָס שעמערירן
פון טיפן גרינעם סאַמעט און פון נאַכטבלוי בליץ;

צי גאָר אַ שטראַליק קלייד שפּרייט ער מיט פרייד און היץ
געוועבט פון שפּריצן מערשוים און סאַפּירן
מיט נעט פון שטראָמען שיין וואָס רעגן זיך און רירן,
שמאַראַגדן ברענענדיקע, שפּריץ נאָך שפּריץ.

קומט דער פרימאָרגן — שפּרייט ער גילדענע טאַפּעטן
מיט פּורפּור וואַרימען און גאָלד, אויף זיי צו טרעטן,
מיט גליענדיקע קוילן אין געזימס פון בלויגעוואַנט;

נאָר קומט דער אָוונט — ציט ער אויס זיך אויפן זאַמד,
און לעקט די פיס איר, פוס אין פוס, מיט זיינע ווינטן
און וויקלט זיך אין קלייד פון שמייכלענדיקע היאַצינטן.

## ב

## אַ פישער־מעשה׳לע

ווער ס׳דעקט מיט אייז־שמאַראַגדן זיינע הימל׳ס זאַלן,
אין פורפור, אַנזאָגער פון שלעכטס, טוט ער דעם מדבר דעקן;
אין נעפּלען, ספק־טאָג, אַ בלוינאַכט טוט ער שטרעקן,
אין גראָטאָס פונעם ים טוט ער מיט אוצרות שטראַלן.

זיינע חיילות ווימלען דאָרט, געוויקסן און קאָראַלן
און וואַסער־שרצים, אַסטער־בלומען, ווייכע שנעקן,
און פיש פון תהום אין אויסטערליש געשטאַלט, וואָס רעגן
און בייטן טויזנטפאַכיק זיך אין גאַנג פון וואַלן.

קיין אויג האָט אַזאַ שיינקייט ניט געזען אין לעבן,
ניטאָ קיין ווערטער גאָר דאָס צו באַנעמען;
ס׳ווערט נאָר פון טאַטעס צו די זין איבערגעגעבן.

נאָר וואָלט אַן אויג געקענט דאָס איינזאַפּן, פאַרנעמען —
דאָס מוטערפּערל קומט פון דאָרט, זיין אויג טוט טרערן רינען,
צי וועלן אויסגעבן די סודות טשאַטעס פון דולפינען?

## ג

## טאַרכאַנקוט

— אָ־האָי, קאַפּיטאַן, ווי די נאַכט איז היינט לאַנג!
כ׳האָב מורא פאַר דעם, וואָס דעם ים האָט צעזאָטן,
דעם הימל אין שוואַרצן געדעקט, טאַפּט אין שאָטן
און דראַפּעט זיך אונטערן שיף, אין אַ וויסטן געדראַנג.

שאַ! אין האַרץ פון דער מורא אַ גלאָקן־געקלאַנג,
וויִ מ׳קלינגט נאָך אַ טויטן... ווער האָט איינגעקנאָטן
אַ חושך אין חושך? און ווער האָט צעטראָטן
די שטילקייט די שוואַרצע אין גרויליקן גאַנג?

דער גלאָק איז געשטאָרבן... אויך ער... האָט פאַרשטעקט
דער געהיימער זיין שפּיז אין דעם בלייאיקן שטראָם —
וואָס ווינקט דאָרט זיין אויג אין בייז־ווייטקייט און שרעקט?

ציִ טרינקט זיך די שיף אין צעעפנטן תהום?
וויִ רופט מען דאָס פּלאַץ? האָסט פאַרלוירן דיין מוט?
— „דאָס וואַסער־בית־עלמין, דאָס איז טאַרכאַנקוט!“

ד

## דער בית־עולם ביים פּאַלאַץ
## פון באַכטשיסאַראַי

אַ גאָרטן האָט אַללאַ געפלאַנצט, אַ גאָרטן — איז אַזראַאיל
דער שניטער דאָ? אין שאָטנס פון די סאָסנעס און ציפּרעסן,
פּילצווייגעדיקע ווערבעס, און אין בלעטערפּאַל צעפרעסן,
און צווישן ווילדגראָזן וואָס דרימלען רואיק, שטיל,

דאָ שלאָפן זייער שלאָף דעם אייביקן די ליליעס פונעם ניל
און גרוזיע׳ס שיינקייטן, און די וואָס ביי דעם רהיין געזעסן,
און פון די אינזלען פונעם ים; אָפּגעפּליקט, פאַרגעסן,
פאַרקויפט ווי סחורה פאַר דער תאוה, לוסט און שפּיל.

ווער ווייסט, אפילו איצט, נאָך לאַנגע יאָרן,
ווען ס׳שטייט אַ פרעמדער אויף די באַמענלאָזע קברים, גאַפט,
קען זיין, עס לאָזט זיין אויג אַ טרער אויף דער אַליינקייט?

אַללאַ וועט מיט זיין פינגער אָנצייגן: ווער איז געפאַנגענשאַפט,
און וועמעס פנים אונטער קאַלטער שווערד איז שוואַרץ געוואָרן,
און וועמעס פנים ס׳קושט די שיין פון ביטערער פאַרפלוכטער שיינקייט.

ה

## די שול אין פעאָדאָסיע

ווי אַ לעגענדע פונעם זיידנס מויל, וואָס טריפט
און קומט פון האַרץ אַרויס אין שטילקייט, ווי אַ ליד,
נעמט איין מיט טרויער־פיין ס׳געמיט און גליט —
שטייסטו, קליין מקדש, אין געשניצט געבוי פאַרטיפט.

מיט מיינע אויגן קוש איך יעדע דורות׳דיקע שריפט
אויף דיינע ווענט און אויף דיין ווייסגעקאַלעכטן סופיט;
איך זוך פאַרבינדן דאָ דיין יוגנט פון אַמאָל, צעבליט,
מיט גבורה פון דייך שפּעטן האַרבסט — און שטיי פאַרבליפט.

די ציילן דיינע קוקן שטיל, עניוות׳דיק, פול חן,
אויף די באַזוכער: „שלום, מיין זון, ביסט אויך דאָ? שיין!
„דורך לאַנגע דורות האָב איך פיל געזען, געהערט;

„געפאַנגענע... דער אַדל פון מיין פאָלק, אַנטרונענע פון שמד...
„פאַרשוואונדן פיל, פיל אויפגעשפּראָצט ווי גראָז פון דר׳ערד,
„פון צפון און פון מערב זיך פאַראייניקט אין אחד״...

# אַ וויג־ליד...

כ׳האָב אַ קינד, אַ קינד באַליבט,
ביים שאַקאַל־געוויין פאַרקניפּט,
ביים גראַנאַטן־קראַך געבוירן,
קינד מיינס, קינד פון פּיאָנערן ;
שלאָף שוין, שלאָף שוין, שלאָף !

שלאָף און וואַקס, זאַפּ איין די קראַפט
פון דעם גרויסן טאָג פול זאַפט ;
נויטיק איז אַ האַנט אַ טרייע
און אַ פּלייסיקע, אַ פרייע ;
שלאָף שוין, שלאָף שוין, שלאָף !

שלאָף — דאָ בין איך, זינג אַ ליד,
שלאָפסטו — שלאָפט דיין מאַמע מיט.
בין צעבראָכן, זאַט מיט פּיין —
שלאָף, דו קליינער חלוץ, איין.
שלאָף שוין, שלאָף שוין, שלאָף !

אַ קראַנק שעפּעלע אין נאַכט
האָט פון שטאַל אַרויסגעשלייכט,
שטייען חלוצים אויף דער וואַכט ;

אָרים איז די קבוצה, קליין
וואַקס, ווער שטאַרק, מיין קינד, דו שיין,
שלאָף שוין, שלאָף שוין, שלאָף!

וויין איך — ווייסטו ניט דעם מיין,
נאָר מיין ליד ווערסטו פאַרשטיין;
ס׳ליד איז פון אַ חלוצ׳ס ווייב,
(שטעקט אַ קויל טיף אין זיין לייב)
שלאָף שוין, שלאָף שוין, שלאָף!

שלאָף אין וויג, נעם צו אין וואוקס,
ביים שאַקאַל־געוויין און פוקס,
ביי דעם אויפרייס פון גראַנאַטן,
קינד מיינס, קינד פון חלוץ טאַטן;
שלאָף שוין, שלאָף שוין, שלאָף!

# שאַקאַלן ווײנען

האָרך און פאַרנעם: אין דער פינצטערניש דאָרטן
קלאָגט זיך און קייכט אַ שאַקאַל אינעם גאָרטן.

ווײנט אַ פאַריתום׳ט געוויין... און אַרום
וויסט איז און חושך און עלנט און שטום.

וויפל ס׳ליגט ביטערניש אין זײן געוויין —
פּוסט און אומזיסטיק אָן זין און אָן מיין.

ס׳טוט ניט דער קלאָג ס׳האַרץ פון מאָגער פאַרווייכן,
טוט ניט דאָס האַרץ פון געמאָנטן דערגרייכן.

ווײנט דער שאַקאַל, לאַכט און סקאַליעט די ציין,
אַ לאַכן אויף זיך און זיין פּוסטן געוויין;

לאַכט און פאַרקייכט זיך... ס׳געלעכטער איז ביטער,
מאַכט פרירן דאָס בלוט, וואַרפט אויף אַלץ אָן אַ ציטער.

לאַכט און הערט אויף און פאַרגייט זיך באַלד ווידער,
האַקט איבער דאָס ווײנען אין ווילדן געשלידער.

ס׳דוכט, ווי ער וואָלט זיין קול וועלן פאַרשלינגען,
פאַרשטיקן אין קעל און דאָס טוט ניט געלינגען.

ברעכט זיך דאָס ווילדע געקרעכץ אין די קלעמען
אָן האַרץ און אָן אויער וואָס זאָל דאָס פאַרנעמען.

וויינט און הערט אויף, אַ געוואַי — און אַנטשוויגן . . .
ענטפערט אַ צווייטער אים אָפּ מיט זיין נגון —

ברעכט אויס דער צווייטער און באַלד קומט אַ דריטער,
פערטער און פינפטער . . . שוין נאָענט גאָר מיט ציטער —

יענע דאָרט וויינען, די נאָענטע דאָ קלאָגן,
אַלע מיט טענות און מענות און זאָגן.

וואָס פאַראַ קלאָגליד? צי בייזקייט צערייצטע,
שנאה פון גאַנצן שאַקאַלפאָלק צעפלייצטע?

ניטאָ אין גאָט׳ס וועלט מער ווי נייערט שאַקאַלן,
קלאָג בלויז איז דאָ . . . און דאָס וויינען טוט פאַלן

פון גערטנער מיט פינצטערניש אָנגעזאַפּט אַלע,
פון טייך וועלכע גיסט אינדערנידער זיין כוואַליע,

אינגאַנצן, אינגאַנצן . . . זיין באַרגקייט אין שרעקן
בערג אים פון פאָרנט און פינצטערע ברעגן.

קומט אויף און גיסט זיך פון יעטווידער זייט,
מזרח און מערב און מדבר און וויט

וויינען און קרעכצן אין ביטערע ווייען —
רופט זיך די וועלט אָפּ מיט קלאָג און געשרייען

אין איינער אַ גרויסער יללה צעגאָסן —
פאַרמאַכט זיינען הימלען, די ערד איז פאַרשלאָסן.

אַ תהום צו אַ תהום טוט פאַרגיין זיך אין ברומען
אויפן גאַנצן באַשאַף און זיינע תחומ׳ען.

דורות פאַרווישטע, אין צייטשטראָם פאַרטראָגן
קומען צום לעבן און וויינען און קלאָגן.

און דורות וואָס זיינען נאָך גאָרנישט געבוירן,
וואָס ליגן אין צוויט פון יצירה און יוירן —

וויינען און קלאָגן אויפן קומענדיק לעבן,
אויפן גליק וואָס וועט קיינמאָל זיי ווערן געגעבן,

פּיצל גליק ווי אַ לוין פאַר צעפּייניקטן האַרץ,
חורבן זיין יסוד, און וויסטקייט און שוואַרץ.

אויף צער אויף אומזיסטן, קיין זין אויף אַ האָר ניט,
באַשאַפענער בעט ניט, גאָט האָט ניט געצאָרנט.

נאַרישער צער, אָן אַ שכר, פּיין און זאָרגן,
גיפט פונעם היינט און סם פונעם מאָרגן.

ס׳גרויסע געשריי און געקלאָג און פאַרדראָס:
צו וואָס דאָס באַשאַף און דער צוועק דערפון וואָס?!

י. י. שוואַרץ

# פערזן

איך — איך האָב גאָרנישט ניט, קיין טיש אפילו!
און ס׳טרעפט, ווען ס׳קומט די בלאַסע שעה פון שטילקייט,
וואָס שפּרייט איר בלייך געוועב אויף דער נשמה
אין אימה׳דיקן אָוונט, צי אין האַלבנאַכט שטומקייט —
און ס׳האַרץ איז מיד, פאַרדריקט פון מענטשנס פאַלשקייט,
טוט תפילה שטילערהייט — אָן קלאַנג, אָן ווערטער —
נאָך פּיעשטשן פון אַ צאַרטער האַנט, אַ האַרץ אַ באַענטס,
וואָס שווייגן זאָל מיט דיר, זאָל מיט דיין ווייטיק וויטיקן,
זאָל מיט דיין צער זיך אָנזאַפּן און מיט דיין ביינקשאַפט,
אויף עפּעס גאַרן, וואַרטן און פון נישטיקייט אַנטלויפן.

צווישן די פיר ווענט פון פרעמדן, ניט מיין אייגן צימער,
וואָס פרעמדע גופים האָבן אים פאַראומרייניקט,
זיין פאַרב מיט זייער קוק און אָנריר אָפּגעשאָסן,
דעם שלאָס געשליפן און זיין הענטל אָפּגעשייערט;
אויף ראַם דער אָרעמער דאָס שטויב פון זייער טומאה,
באַגערן פרעמדע און געשמאַק פון פרעמדע מענטשן,
וואָס הענגען ווי די גרויע האַרטע שפּינוועבס־נעצן;
און גאָרנישט איז אין צימער דאָ וואָס זאָל דיך צוציען,
דיין אויג זאָל קלעפּן זיך צו דעם מיט ליבשאַפט,
דיך גלעטן מיט אַ צייכן, קלאַנג, צי ליכט אַ פּיצל.

אויך דאָס איז ביי מיר קלאָר: כ׳וועל קיינמאָל, קיינמאָל ניט
אַ הויז זיך בויען, אַז ס׳וועט ניט מיין אויג זיך פרייען
ווען ס׳טוט דאָס פלינקע רידל קלאַפּן זיך אָן פעלזן,
ווען אָפּגערייניקט ווערט פון שטיין דער פונדאַמענט;
איך וועל ניט אויפנעמען מיט ברכה יעדן פרישן ציגל
און ס׳וועט מיין האָרץ ניט אויפזינגען ביים לעגן דעם פּולאָפּ;
ניט מיינס דער זכות: מקיים זיין די מצוה: בויען ס׳לאַנד.
און אפשר לוינט זיך שוין ניט מער: מיין האַנט איז גרייט נאָך,
עס ברענט מיין לאָמפּ נאָך ליכטיק, קלאָר און פריילעך,
נאָר ווער קען וויסן, צי ס׳איז נאָפט גענוג אין אים פאַראַנען?

און כ׳וועל קיין ווייגאָרטן ניט פלאַנצן, ניט די שטיינער אָפּראַמען,
ניט ציען וועל איך רינוועס פאַר באַלעבנדיקע וואַסערן,
קיין פלאַנץ ניט פלאַנצן, מיט זיין דורשט ניט שמאַרצן.
אַ גערטנדל אַ קליינס — איז ניט פאַר מיר, איז ניט פאַר מיר,
פאַרזייען זריעה אין דער ערד, ווי דאָס פלעגט טאָן מיין מאַמע
מיט ליבשאַפט און געזאַנג, אין שמחה פון דערוואַרטונג,
אַ מאַמע שוין פון קינדער, רייף אין פולער שיינקייט, —
אָט יענע צנועה׳דיקע בלומען, יענע ערשטע בלומען
פון אַלע בלומען אין דער וועלט, וואָס האָבן אויף מיין ברוסט געלויכטן,
געמאַכט מיך אַרבעטן די טעג, געכשופ׳ט מיר אין חלום.

און איך — וואָלט איך אַ טיש בלויז האָבן! יענס קליין ווינקל,
וואו ס׳איז דער מענטש מיחד זיך דאָרט מיטן ליכט פון וועלט
פון אַלע זיינע וועלטן, פונק אַרויסגעשלאָגן פונעם לעבן
וואָס ווערט מטושטש אין אין־סוף; מיט אַ געדאַנק
פון איינעם פון אַן אַלטן פריינט, חזיון פון דעם אויסדערוויילטן
אויף פאַרמעט, צי אין שטיין; אין דער געבענטשטער שעה
ווען ס׳פלייצט און כוואַליעט זיך אַ ליד אין שטומען נגון

און רייסט זיך פונעם אויפגעברויזטן האַרץ, זוכט אויסגאַנג
אין איבערפלוס פון קראַפט זיך אויסצוגיסן פריידיק
מיט פיבערדיקער האַנט אויף שטיקלעך ווייס פּאַפּיר.

איך וואַנדער אַלע מיינע טעג, כ׳וועל אפשר ווייטער וואַנדערן —
אָ, גיט פאַר מיר, דעם וואָגלער, גיטער אומבאַוועגלעכע;
אויב ניט אַן אייגן טיש, זאָל זיין כאָטש אויפן פרעמדן טיש
אַ זאַך אינגאַנצן מיינס, זאָל זיין מיט מיר, זאָל וואַנדערן מיט מיר.
זאָל שפּרייטן איבער מיר דעם זיסן חלום פון אַ גאָרטן,
צי ס׳זאָל מיך איינוויקלען דער אויסגעדוכטער שאָטן פון אַ פּאַלאַץ
וואָס מיינע הענט האָבן געבויט — זאָל דאָס אַראַפּקוקן פון זיין געשטעל
אויף מיר שטיל, שטום, מיט ליבשאַפט, מיט אַ צאַרטן גלעט —
איך וויל און איך באַגער איין זאַך בלויז: אויפן טיש ביי מיר
אַן איינציקע סטאַטוע: געהאַקט פון מאַרמאָר, צי געשניצט פון האָלץ.

זאָל די סטאַטוע זיין פון דעם באַזאַלט דעם פעסטן,
אַ שטיק פון שוואַרצסטן שוואַרץ, געברענט אין בראשית־פייערן,
ווי ס׳זיינען קונסטווערק די אַסירישע און די עגיפּטישע;
אַז ס׳זאָל דאָס פּנים פון דעם מאַן דאָרט איינגעקריצט
אויף אייביקייטן בלייבן, גוס פון פייער און פון אייזן
ווי ער איז דאָס געווען, אַ מענטש פון פייער און פון אייזן,
צו קענען און צו וויסן גאָט זיין גאָט פּנים אל פּנים —
דער ריז פון אַלע זעער, חלום פון דער תמימות׳דיקער יוגנט,
דער נביא פונעם מדבר־פּארן, נביא פון באַרג־סיני — משה.

זאָל די סטאַטוע זיין געגאָסן פונעם אַלטן קופּער
וואָס מיראָן האָט גענוצט, און גריכישע טראָמפּייטן
האָבן געשאַלט אַפּאָלאָ׳ן אָפּצוגעבן כבוד,
כבוד פאַר דעם אויסגעווײלטן זון, דעם ערשטן דיכטער,

וואָס האָט דעם אָלימפּ באַזעצט מיט שיינע געטער;
דער מאַן מיט בלינדע אויגן האָט געזען אַ וועלט פון שיינקייט
וואָס ניט קיין איינציקער פון זעער האָט ווען געזען.
דער מאַן וואָס האָט געשמאָלצן ווערטער ווי געזאַנגען
פון קלינגענדיקן זילבער, זיך באַקרוינט מיט לאָרבער־קראַנצן,
וואָס וועלן אייביק ניט פאַרוויאַנעט ווערן: האָמער.

זאָל די סטאַטוע זיין געמאַכט פון פּענטעליקאָן־מאַרמאָר,
פון מאַרמאָר הייליקן אויסגעטראָגן פון די געטער,
וואָס פידיאס׳עס האַנט האָט בייגעקומען און געמייסטערט;
אפשר איז עס קלאָר גענוג, האָט חן גענוג, צו געבן
אַן אָפּשפּיגלונג אַ ריכטיקע פון יענעם מאַן,
וואָס האָט דעם אמת פון דער פּראַכט באַגריפן און די פּראַכט פון אמת,
אַ קוואַל פון חכמה און פון ליכט ביז צו די וויטסטע דורות,
דערפאָרשט די מענטשלעכע נאַטור און די מלוכות פון די מענטשן;
מיטן שטערן פון אַ גאָט אַ זיכערן און בליק וואָס אַלץ איז תופס —
דער גאון פון געדאַנק — דער קאָפּ פון פּלאַטאָ.

זאָל די סטאַטוע זיין געשניצט פון אָדענוואַלדער דעמב,
שניץ געטע׳ס קאָפּ מיר אויס מיט שטאַרקער־צאַרטער האַנט;
אין גייסט שיין ווי אין גוף, די פּראַכט פון מין פון מענטשלעכן,
מיט אויגן וועלכע זאַפּן איין די גאַנצע גרויסע וועלט,
באַנעמט דעם שטאַרבנדיקן ווי דעם אויפגייענדיקן דור;
וואָס נעמט אַרום די וועלט, פאַרשטייט די חידה פון די זונען,
באַשיידט די שפּראַך פון כוואַליעס, וואונדער פון דיביימער,
באַלאָדן מיט מיסטעריע פון דעם חי ווי פון דעם דומם,
אַנטפּלעקט דעם סוד פון דורות פון אַ ביין אַ זונפאַלירטן,
דער קוואַל פון ליד, פאַר די פאַרגאַנגענע ווי פאַר די קומענדיקע דורות.

זאָל די סטאַטוע זיין געמאַכט פון טונקלען טשוגון,
וואָס קלינגט פאַר יענעם וואָס באַרירט אים, ענטפערט מיט זיין אָפּקלאַנג,
ווי מיטן עכאָ וואָס געלעבט האָט אין זיין גרויסן האַרצן,
פאַרליידן ווי פאַר פריידן, פאַרן גליק ווי פאַרן אומגליק,
פאַר ליבע און פאַראַכטונג, פאַר שנאה און פאַר רחמים,
פאַרן קעניג־הערשער ווי פאַר דעם יינגסטן פון קברנים,
פאַרן לץ ווי פאַרן חכם, פאַר דעם פאַרקויפטן מערדער,
פאַר אויסוואָרף און דעם רודף־כבוד, פאַר הולטייסקע ווייבער,
פאַרן פרינץ דעם בחיר פון מענטשן, פאַר ייד געררודפ׳טן —
באַנעמט דאָס האַרץ פון מענטשן ווי קיין אַנדערער — שעקספּיר.

זאָל די סטאַטוע זיין געהאַקט פון פעלזן פון יהודה —
איז האַרט ווי קיזלשטיין, דורך מיט בלוטן אָנגעזאַפּט;
איז האַרט אין פּנים פון די שטאַרקע, ס׳האַרץ גייט אָפּ מיט בלוט אים,
איז שכור פון חזיונות, אין גערעכטיקייט — דער העכסטער;
אַ פייערשפּייענדיקער באַרג, שפּריצט האָגלען גוטע שטיינער,
מכשף מיטן צויבער פון זיין וואָרט און פלאַמענדיקע רייד;
באַהערשט דעם דונער וואָס זיין הייליק מויל טוט דונערן,
באַצווינגט די פעלקערס הערצער מיטן כשוף פון זיין צאָרן;
פּרינץ פון אַלע זעער — זאָל די סטאַטוע זיין געהאַמערט
אין דער געשטאַלט פון טרייסטער פון מיין פאָלק: ישעיה.

זאָל די סטאַטוע זיין געשניצט פון אַלטן עלפנביין —
וואָס צייט האָט אים פאַרגעלבט, ווי דאָס פאַרברוינטע לייב
פון דער עשתורת־געטין — איינגעהילט דורכויס אין קליידער,
אין שווערן מאַנטל וואָס זיין שלעפּ קושט אירע קנעכלעך;
וואָס „מענטש קען זי ניט זען און בלייבן לעבן״ — יעדער קנייטש אַן אָנוואונק,
און יעדע פאַלד — אַ פייערדיקער רוף, אין הפקר׳דיקער תאווה,

איידער ס׳טוט די לענד און דיך און ברוסט אַנטפּלעקן זיך
אין שטרענגער דיסציפּלין צום פייערטאָג אַ גרייטע
שטייט זי אין פולער גרויסער פּראַכטיקייט און שיינקייט — —
איך — איך האָב גאָרנישט ניט, אפילו ניט קיין טיש!

ירושלים — תל־אביב, 1937

# דריי איזלטעס שפּאַנען...

דריי אייזלטעס שפּאַנען — דו קוק זיי נאָר אָן —
גייען אַ גאַנג פון באר־שבע קיין דן,
פּאַמעלעך, פּאַמעלעכן קומען זיי אָן.

זיי גייען, זיי שפּאַנען פאַרביי אַ מעטשעט—
טוט קניען די שוואַרצע: מ׳רופט צום געבעט.
גייט מען אַ קלויסטער פאַרביי זאַלבעדריט —
פאַלט פאַר אַ קריסט־בילד די ברוינע און קניט.
גייט מען אַ הייליקע חורבה פאַרביי —
דעם קאָפּ בייגט די ווייסע פונצווישן די דריי.

אויף דער שוואַרצערס רוקן — אַ שווערד אַזוי גרויס,
אויף דער ברוינערס — שפּרייט זיך אַ צלם אויס,
אויף דער ווייסער אָבער — אַ גאָלד־טעפּיך בלויז.

אַ גאָלדענער טעפּיך — איר איינציקע ציר,
אין גיכן וועט קומען משיח אויף איר.

(אהרן צייטלין)

שאול טשערניכאָווסקי

# שטערן אין הימל

דאָס לעצטע ליד פון דיכטער

שטערן אין הימל, איר ווייטע, שטערן אין הימל, איר נאָענטע,
ליכטער אַזעלכענע ווייטע פון אויג פונעם מענטשן,
ליכטער אַזעלכענע נאָענטע צום האַרץ פונעם מענטשן!
וואו האָב איך אייך יאָ געזען און וואו האָב איך אייך ניט געזען
שפּאַנענדיק ווייט אין דער וועלט, אין אָפענער וועלט דער גרויסער,
אויף מיין באַשיידענעם וועג פון פעלד פון געבורטסדאָרף,
היים פון די ערלעכע, טרייע, וואָס איך האָב פאַרלאָזן?
אַ ייִנגל מיט ליכטיקע טרוימען, וואָס האָבן זיך קיינמאָל פאַרווירקלעכט,
אַ ייִנגל, וואָס טראָגט אין זיין האַרצן אַן אוצר מיט קרעפטן,
שפע פון יוגנט, וואָס ברויזט און וואָס שטורעמט אין שיינקייט.
ביז כ'האָב דערגרייכט ביז אַהער און זיך אָפּגעשטעלט פּלוצים,
ניט מיד נאָך פון אַרבעט — אינמיטן פון וועג זיך פאַרהאַלטן.

שטערן פון נאָרדישן הימל, וואָס גלימצערן, ווינקען זיך איבער,
שאַרפע און קאַלטע, ווי וועלפישע אויגן אין האַרבסט־נעכט אין לאַנגע.
הויך אין קאַרעליע'ס וועלדער, לאַנד פון דער טרויעריקער שיינקייט,
האָבן גערופן צו מיר, מיך באַהאַרצט מיטן בליק פון נאָענט־ווייטע
צווישן פאַרכמורעטע יעגלעס, דורך שטורעמס פון צפון;

שטייען געדיכט און געפּלאָכטן, שפּיגלען זיך אָפּ אין די שפּיגלען
פון גרויע און הייליקע זומפּן אין פּעלזיקע ראַמען;
שטייען געדריקט און געשלאָסן, פאַרכאַפּט פון די גרוילן די ערשטע,
ווען ס'האָבן די מעכטיקע בייזע מכשפים באַשאַפן
הימל און ערד דורך אַן אוראַלטן שפּרוך און דורך לידער;
דורך מעכטיקע כוחות פאַרקלאַמערט אין ווערטער נאָך יונגע,
אין וואונדער און סוד פון יצירה, דורך כישוף פאַרכישופ'ט.

שטערן פון אוקראַינישע סטעפּעס; אַזעלכע פאַראומערטע, שיינע!
שטערן פון ברייטקייט פון גרינער, פאַרוואָס אַזוי אומעטיק־טרויעריק?
אפשר דערפאַר, ווייל איר זעט, ווי דאָס פעלד אייערס האַלט זיך אין בייטן:
אַמאָל אָקעאַנען צעפּלייצטע פון ווילדע צעוואַקסענע גראָזן
שמעקעדיק־גרין און פולזאַפטיק, מיט קראַפט פון ווילדלעבן;
אַמאָל גאָר אַ געטליכער ים, שלאָגט מיט כוואַליעס פון קאָרן,
בייט די קאָלירן אין גרין און אין זילבער און גינגאָלד
אין דרייפאַכער ברכה פון רעגן און אַקער און קאָסע;
ברייטקייט וואָס האָט ניט קיין גרעניץ, ווילדקייט — אָן ראַמען,
ערד פון טיטאַנען, דאָס בלוטיקע שלאַכטפעלד פון מענטשן מיט מענטשן.
ביז איין בלוט ווערט טרוקן — און ס'רינט שוין דאָס בלוט פון אַ
צווייט פאָלק.
איידער עס זעטיקט זיך איין פעלד — שוין דורשטיקט דאָס צווייטע.

שטערן פון הימל פון קרימער — איינגעפּאַסט וואונדערלעך־פּראַכטיק
אין סאַמעטן־שוואַרצער יריעה: ים און דער וואַלד און די פעלזן
בענקען נאָך אייך און נאָך אייער פאַרטיפטן און שטראַליקן שמועס.
ווען ס'צערטלט דער ים ,ווען ער שלאָפט, אייער שיין אויף זיין בוזים,
צי ווען ער וואַרפט זיינע כוואַליעס מיט רוגזה צום הימל —
חלומ'ט ער דען ניט פון אייך? ווי איך האָב ניט איינמאָל געחלומ'ט
פון אייך אין דער יוגנט, אין פּראַכטיקן אויפבלי פון האַרצן,

פול דאָן מיט אייגענע שטערן, פול מיטן ליד פון מיין צוקונפט?
פיל פון זיי זיינען געפאַלן פאַרלאָשן און פיל שוין פאַרטונקלט
אין גיפטיקן נעפּל, וואָס האָט זיך צעשפּרייט אויפן לעבן.
פיל פון זיי פינקלען אַזעלכענע ווייטע און לויכטן
אין ליכט פון פאַרלאָפענעם חלום, מיט יוגנט מיט פרישער.

שטערן פון ים מיטללענדישן — שטערן פון פריאיקע געטער!
ניטאָ אויף דער וועלט נאָך אַזוינע אין שיינקייט און קדושה.
אויב אַלע שטערן זיינען געשניצט פון ליכטיקן דימענט
זענט איר קליינע זונען געפאַסט אין סאַפּירן פון הימל.
איר זענט די בכורים צווישן די געטער פון ים און יבשה,
איר האָט פאַרפלאַנצט אין דעם מענטשן די גבורה און וויסן!
מאַגן, כאַלדייער, זיי האָבן דערהערט דאָס געזאַנג פון גלגלים,
אַנטפּלעקט אייער הימלישן גאַנג, דער נאַטורס ערשטע סודות.
איר האָט אַריינגעהויכט גבורה אין האַרץ פון צידונים און כנענים
אַ וועג צו געפינען דורך ימ'ען, די סודות פון וועלט גיין אַנטקעגן,
אַרויסרייסן זיך פון די צאַמען פון ענגען גן־עדן,
זיך אויסשפּרייטן, ברייטער צו מאַכן די גרענעצן זיינע.

שטערן פון ארץ־ישראל! ווען גאָט האָט די ערד און דעם הימל באַשאַפן
האָט ער זיך אין כהונה געוויקלט, זיך אָנגעטאָן חושן ואפוד —
איר האָט געשטראַלט און געשימערט אין דאָזיקן חושן ואפוד,
שטערן פון ארץ־ישראל! שטערן פון אַלטן ישראל!
אין אייך איז זיין לעבן פאַרקריצט, איר האָט אויף אים געטאָן קוקן.
די אבות — געהויבן די אויגן צו אייך, אייך גענומען פאַר עדות.
איר האָט פון אייער'ע שטעגן געשטריטן פאַר אים און געפאָכטן,
איר האָט געזען זיינע קאַמפן, איר האָט געזען אים אין וואַקסן,
איר האָט געזען אים אין עלנט. אין אייך איז זיין עבר,
זיין היינט און זיין מאָרגן באַהאַלטן. איר, ווייטזעער שטערן,

זאָגט אפשר זעט איר זיין צוקונפט? איך בעט אייך, אַנטפּלעקט מיר,
וואָס איז די זעאונג און וואָס איז דער סוף פון דער זעאונג?

ליכטיקע שטערן פון טראָפּישן הימל, איר שטערן אין דרום!
אָט איז די פּראַכט פונעם „זידלעכן קרייץ״, אָט דער צענטאַוורוס,
ערשטער איז פּראַכטיקייט — אָנהויב פון וואונדער־לעגענדע,
שענסטע פון אַלע — וואָס דער נייער מענטש האָט שפּינען גענומען.
וואַסער פון אַלטן אַטלאַנטיק, וואָס זעט אויס ווי בליי ווי צעשמאָלצן
און איבערגעצויגענער הימל. דער איינזאַמט פון אונטן און יענער —
אַן איינזאַמער ברודער פון אויבן — און צווישן איז גאָרניט.
מחנות און מחנות פון כוואַליעס, מעכטיקע, וואָס הויבן זיך
שווערע, פּאַמעלעכע, מוטנע — גיסן זיך ווידער צוזאַמען
פונקט ווי אין טאָג אין דעם גרויסן, ווען גאָט האָט געפורעמט
הימל און וואַסער אויף מעכטיקע מאַסן פון ערדן —
שטייען די שטערן און גאַפן אין ריזיקן תוהו־ובוהו.

שטערן פון פּאַמפּאַ דער גרויסער, איר קאָנסטעלאַציעס פרעמדע,
שטערן פון וועלט און פון הימלען מיר נייע, מיר גאָרנישט באַקאַנטע,
ליכטער פון אימה׳דיק ברייטקייט, עדות איר לעצטע
פון דער נאַטורס גרויסע כוחות, איר האָט געזען דאָ דאָס בלאָנדזשען
פון וואונדער פון בראשית, פאַרזעעונישן מאויים׳דיק־פּראַכטיק
אין איבערפליסיקער קראַפט פון יצירה, ניט־פּאַרטיק אינגאַנצן.
איר האָט די גסיסה געזען פון די ריזיקע חיות —
כ׳האָב אייך ניט ליב, נאָר דאָס האַרץ ציט צו אייך און דער צויבער
פון רעטעניש אייערס, פאַרהוילענע סודות פון זיין און ניט ווערן.
פון ערגעץ וואו קומט אָן אַ צער אַ געהיימער אין האַרצן,
פאַר׳גנב׳עט זיך שטיל מיטן אָנקום פון שטערן אין הימל:
ווי איר וואָלט נשמה־ליכט זיין פאַר געשטאָרבענע וועלטן.

שטערן פון הימל געטרייע, מיין מאַמעס ליבהאַרציקע שטערן!
כ׳ווייס אַייערע נעמען פון טאַטן, וואָס האָט אין זיין יוגנט געוואַנדערט
אין נעכט פונעם זומער און האַרבסט אויף די וועגן די ברייטע
צווישן דעם דניעפּער און דאָן, דעם אַזאָווער ים און דעם שוואַרצן.
ער האָט זיי איבערגענומען פון זקנים־טשומאַקעס.
באַוויזן דעם „אַלף״ און „תיו״, „גרויסן וואָגן״ און „קליינעם״,
„הונדערט פייערן״ און נאָך, ביזן „וועג פון ירושלים״.
פּשוטע נעמען אַזעלכע, וואָס האָבן געלעבט אין זכרון
אָט פון די פּשוטע מענטשן און גרייז־גרויע זקנים,
נעמען פון אַלטע מזלות, גע׳ירש׳נט פון טאַטן און מאַמען
מיין ליבשאַפט און בענקשאַפט צו אייך, איר שטערן ווייט־נאָענטע.
געבענטשט זאָלט איר זיין, וואו איר זייט נאָר, געטרייע!

י. י. שוואַרץ

# מילכיקע קרעפּלעך

## א.

גענוען איז דאָס איינע׳ר פון יענע פּרימאָרגנס וואָס טרעפן זיך זעלטן —
אָן ערשטער אַזאַ אין דעם פרילינג דעם שיינעם אוקראַינע׳ס.
סטעפּעס — ברייט ווי דער ים! און ווער איז געווען דאָס דער ערשטער,
צו האָבן די זכיה דאָס צוצוזען אַלץ מיט די אויגן,
די שיינקייט פון פרישן פרימאָרגן, וואָס באָדט זיך אין טויען,
ווען ס׳ציטערט דער פרימאָרגנשטערן? די לערך געווען איז די ערשטע:
אַ הויב מיט איין שוואונג אינדערהויך און געשאָטן מיט לידער,
די שוואַלבן פון דאַך אויפגעוועקט און די שפּערלס אויף ביימער.
די צווייטע — דערוואַכט האָט די זון מיט איר פלאַמענדיק פּנים:
פאַרשעמט וואָס זי האָט זיך פאַרשפּעטיקט און איילט צו דער אַרבעט,
געבן קאָליר צו די בלימלעך, באַפעדערן פליגל פון פייגל,
זיך שפּילן אין וועלעכלעך בלויע, די שופּן פון פיש צו באַגילדן,
וואַרעמען זומפּן פאַר פרעש, די בינען טרייבן צו אַרבעטן,
שפּאַלטן אַ קערנדל קאָרן. — די דריטע — דערוואַכט האָט די אַלטע,
די אַלטעטשקע גיטל דעם רב׳ס, ברייט אירע אויגן צעעפנט.
ליכטיק און דורכזיכטיק בלוי, אָן אַ סימן פון מינדסטן וואָלקן,
האָבן זיך הימלען צעוואָרפן, די פעלדער — געשימערט מיט גראָזן,
וואָס ציען צום ליכט זיך און קוועלן אין ליכטיקער זונשיין.

שטיל איז געווען אַרום, ווי ס׳וואָלטן דער הימל פון אויבן
און אונטן די ערד שטום געוואָרן, געפּלעפּט פון דער שיינקייט
און וואונדערן זיך אויף דער אייגענער שיינקייט.
איז גיטל אַרונטער
פון וואַרעמען בעט און גענומען זיך אָנטאָן פאַרשלאָפן.
אָפּגעגאָסן נעגל אין טיפן קופּערנעם בעקן —
אַלט איז געווען דאָס בעקן און שטייף און געוויכטיק,
גלאַנצנדיק ליכטיק, ווי אָקאָרשט געשייערט מיט ציגל,
(דרשה־געשאַנק צו איר חתונה איז איר דאָס בעקן געפאַלן,
דער מומעס מתנה — זאָל האָבן אַ ליכטיק גן־עדן.)
שטיל, אויף איר שטייגער, מיט גוטע, מיט ליכטיקע אויגן
שטעלט זי זיך דאַוונען און שעפּטשעט די ווערטער פּאַמעלעך.
דאַכט איר, אַז ס׳שמייכלט די גאַנצע וועלט איר אַנטקעגן,
שמייכלט אין שמחה פון לעבן און יוגנט אַרום איר,
און איידער זי האָט נאָך פאַרענדיקט, שאַרט זיך צו איר צו דער קאָטער,
געלעגט צו די פיס זיך, געמיאַוקעט, געבעטן זיך רחמים —
אַ חורבן געוואָרן פון קאָטער, די האָר אויסגעקראַכן:
צעלאָזענער קאָטער, דו אַלטער, בייזערט אויף אים זיך די זקנה,
גיסט אָן אַ שערבל מיט מילך און שטעלט פאַר דער חיה:
הונגעריק, מיד פון זיין נאַכטיקן וואַנדער זשליאָקעט דער קאָטער.

האָט גיטל פאַרקוקט זיך, ווי ס׳זשליאָקעט דער קאָטער פון שערבל
האָט איר אויך פאַרכאַפּט ס׳האַרץ: ס׳האָט פּלוצים פאַרשמעקט איר
דער וואַרימער ריח פון מילכיקע קרעפּלאַך מיט קעז מיט ווייסן,
וואָס בלעזלען אין שמאַנט — און פון טאָפּ שלאָגט מיט פּאַרע צום באַלקן.
און ס׳האָט זיך די אַלטע צעשמייכלט אַליין איבער זיך: פונוואַנען
עס האָט זיך אַזאַ יצר־הרע גענומען? געלאָזט זיך צום קעלער,
וואו ס׳שטייען די קעז און די סמעטענע קריגלעך.

זי איז נאָך אין קעלער — האָט דאָרטן צו איר זיך דערטראָגן
אַ גרילציק געביל פון אַ הונט און אַ קול פון אַ מענטשן:
„צום טייוול, אַוועק!" — און דאָס איז דאַמאַכעס, דער גוי'עס,
נאָר סירקע, ווי גאָרניט זיין עסק, פאַרגייט אויפ'ן קול זיך.
די גוי'ע האָט מיט איר לאָזע דער ווייכער אויף אים זיך צעפּאָכעט
מיט וויפל נאָר כח דערלאַנגט אים אין מאָגערן פּיסל,
אַז ס'האָט זיך דער כלב פאַרגאַנגען, זיך פלינק אָפּגעטראָגן,
דער עק צווישן די פיס, און האָפּקעט און טאַנצט אויף דריי פיסלעך.
אין דאָזיקער רגע איז גיטל פון קעלער אַרויס צו דער גוי'ה.
„גוטמאָרגן דיר, גיטלע!" — „דאַמאַכע, אַ סימן צום גוטן,
דו זעסט, אָט בין איך דיר אַנטקעגן געקומען מיט פולן!"
— וואָס מאַכט עפּעס גיטלע?" — אַוועקגעשטעלט האָט זי איר שטעקן
אַריינקומענדיק אין דעם צימער וואָס איז אויך די קיכשטוב געווען.
„ווי גייט עס דיר, גיטלע, געזונט?" — „עט, מ'לעבט נאָך, דאַמאַכע,
מיט גאָט זיינער הילף, ווי דו זעסט, מ'שלעפּט זיך אין דרייען,
און וואו טראָגט עס דיך?" — „איך גיי מיר אין קלויסטער אַריין איצט,
דאָ טראָג איך אַ קריגעלע מילך און אַ ברויט פאַרן פאָטער
וואָסיל אַ מתנה צום יום־טוב". — „וואָס היינט פאַרא יום־טוב, דאַמאַכע?"
— „פאַרגעסן זיך, גיטלע? אַ קלייניקייט עפּעס דער היינטיקער יום־טוב,
היינט איז דאָך דער „קליינער מיקאָלאַ", נאָר וואָס איז צו ריידן,
אַז אונדזערע גייען דאָך היינט אינעם פעלד צו דער אַרבעט.
ניטאָ קיין אמונה אין האַרצן. ווער גייט היינט אין קלויסטער?
צוויי־דריי אַלטע ווייבער, צוויי זקנים קוים נאָר וואָס זיי זשיפּן.
וואו נעמט מען גאָר כוחות עס צוצוזען היינט מיט די אויגן?
פאַרטשעפּעסט אַ צוציק און זאָגסט אים: „אין קלויסטער אַריין גיי!"
באַווייזט ער אַ צונג דיר: „וואָס איז עפּעס היינט פאַר אַ יום־טוב?"
ס'איז הפקר געוואָרן אַ וועלט, דער קלויסטער ניט דאָס וואָס געווען.
מ'קומט אויפ'ן הויף — ווער זעט מען? אַ בלינדן, אַ לאָמען, אַ בעטלער,

די פוסטע פיר ווענט און דעם פאָטער וואָסיל אינמיטן.
דאָס קלינגען פון גלאָק נעמט ביים האַרצן, — ס׳אַ וויינען און קלאָגן!
און וואָס איז מיט אייערע? אויך שיינע מענטשן געוואָרן
רייבן אַריין גוט דאָס חזיר און רויכערן טאַבאַק אום שבת.
אַ קינד געווען — ווייס איך, פלעגט אויסשטאַרבן שבת דאָס לעבן
שטיל און אַנטשוויגן אין מאַרק, ס׳פלעגט אַזש מיך אַ מורא באַפאַלן.
און היינט וואָס? אַ שאַנד און אַ חרפה, אום שבת גאָר האַנדל און וואַנדל.
איך זאָג דיר דעם אמת, איך שעם מיך אום שבת אַריינגיין
אין אַ יידיש געוועלב עפּעס קויפן. דו מאָגסט עס מיר גלויבן.
אַנומלטן קומט צו אונדז זלמן, דער זלמן וואָס האַנדלט מיט בהמות,
סאַכערט און מאַכערט אום שבת אַזוי ווי אַ גוי. מאַך איך: „זלמן,
דו מיינסט, דו וועסט קיינמאָל ניט שטאַרבן? וואָס טראַכסטו זיך, זאָג איך,
און וואָס וועט דיין גאָט עפּעס זאָגן? אוי, אוי, וועט מען שמייסן —
עס איז דאָך היינט שבת!“ — מיינסטו, וואָס האָט ער געענטפערט?
רופט ער זיך אָן צו מיין זון און דערלאַנגט זיך אַ זאָג: „הריצאַ,
וואָלסט אפשר דיין מאַמען געלאָזט זיין ביי אונדז ראַבין? — אַ חצוף!
הערסט ווערטער אַביסל? — נו, וואָס גייסטו טאָן מיטן מילכיקס?“
שעמעוודיק ענטפערט איר גיטל: „עט, ווייס איך, ס׳האָט פאַרוואָלט זיך
מילכיקע קרעפּלעך צו קאָכן, און איך, אַלטע נאַר, גיב דעם האַלדז נאָך.
ווי גייט דאָס גלייכווערטל: אַ מענטש ווערט אַ קינד אויף דער עלטער.
אַ לעבן־לאַנג לערנט זיך שכל דער מענטש און שטאַרבט אַ שוטה.“
נאָר דאָ האָט דער גלאָק פונעם קלויסטער צעקלונגען, און ס׳האָט זיך
דאָמאַכע געכאַפּט און גענומען דאָס ברויט און דאָס קריגל.
— „נו, זיי געזונט.“ — „גיי געזונט.“ — פלינק זיך פאַרנומען פון שטיבל.
— גערעכט איז די גויה, וואָס דען — האָט די אַלטע געטראַכט זיך,
ס׳איז הפקר געוואָרן דער דור, פון די קינדער — ניטאָ וואָס צו ריידן.
זלמן... און מיין זון וואָס איז? און מיין אייניקל רייזל?
ס׳איז קריעה צו רייסן — צי אַזוי האָט געלעבט אַ וועלט יידן?...

גענאַנגען, גענומען פון וואַנט אַראָפּ דאָס רונדע לאָקשנברעט —
שווער איז דאָס ברעט און געזונט און מיט ראָזיגע אָדערן.
צוגעדעקט האָט זי דעם טיש מיטן ברעט, צו דער זיפּ זיך גענומען,
אָנגעשיט מעל אין דער זיפּ און גענומען מיט חשק דאָס זיפּן,
לעבעדיק האָט זיך געוואָרפן די זיפּ אין די הענט אין די פלינקע.

ווי שנייעלעך אָנגעשטעקט האָט זיך דאָס מעל אין די לעכלעך
געפאַלן אַראָפּ אויפ׳ן ברעט און פאַרדעקט אים אינגאַנצן,
איין זעמדעלע מעל אויפ׳ן צווייטן. הויך איז דער אָנשיט געוואָקסן
געגלאַנצט און געבלאַנקט אין דער פרישקייט פון שניי פון דעם ערשטן.
און אין די זעמדעלאַך מעל, וואָס פאַלן און פאַלן פאַמעליך
אָנגעהענגט האָבן זיך ציטערדיק־שטילע, אַזוי ווי דורך נעפּל,
די אַלטע פאַרלאָפענע יאָרן און אַלץ וואָס ס׳האָט דורכגעמאַכט גיטל:
גוטס, שלעכטס, און די יאָרן פון צער און די רגעס פון נחת:
אָט איז זי אַ קינד... אָט אַ כלה... אַ מאַמע... און איינמאָל —
האָט זי זיך אַ כאַפּ געטאָן פלוצים, זי איז שוין אַ זקנה,
אַן אַלטינקע באָבע, אַן אייניקל: רייזל זאָל לעבן.

ווי שנייעלעך אָנגעשטעקט האָט זיך דאָס מעל אין די לעכלעך —
איין זעמדעלע מעל אויפ׳ן צווייטן געפּראָשעט, געפאַלן.
האָט גיטל צונויפגעשאַרט ס׳מעל אין אַ בערגל אַ ווייסן,
אַ קיילעכדיק בערגל, אַ טאָל אינדערמיט אויסגעגראָבן,
מיט ווייכע און ראָזיקע הענט — און פאַר אירע אויגן
האָט אויפגעלעבט שטיל די געשטאַלט פון איר אייניקל רייזל.

## ב.

...צאַרט, אומשולדיק, ריין — עפנט דאָס קינד זיינע אויגן,
אינגאַנצן געראָטן אין זיך, ס׳האָט קיינער אין אים ניט קיין חלק.
דרעמלען דאָס גוטס און דאָס שלעכטס אין זיין האַרץ און געהירן
האָדעוועט ס׳קינד זיך אונטער טאַטע־מאַמעס פליגל —
ווערט עס געראָטן אין זיי, זאַפּט אין זיך איין זייער נשמה.
ס׳לויפן די טעג, ס׳קומט אַ טאָג (ס׳האָט גיטל זעקס אייער גענומען
צעקלאַפּט אויף די געלכלעך און ווייסלעך, אין מעל זיי געגאָסן,
געקנאָטן דאָס מעל, קנעט נאָך און קנעט, ווי געהעריק,
ביז ס׳האָט זיך געביטן די פאַרב, ווי קלאָרער בורשטין געוואָרן.)
ס׳קינד פליט אַרויס פון זיין נעסט אין דער וועלט אין דער ברייטער
און יעדער פאַרבייגייער לעגט אויפ׳ן קינד זיין חותם,
טיילט איין אים זיין שלעכטס און קריצט זיך אַריין אין זיין מח,
מיט ווייטיק און קראַפּט, אַקעגן דער צערטלעכער האַנט טאַטע־מאַמעס.

רייזעלע וואַקסט און ווערט שיין, ס׳ווערט ליכטיק אין אַלע פיר ווינקלען
שטייט אויף ווי אַ פייגעלע, וועקט אויף די זון מיט איר זינגען.
גייט די זון אונטער — פאַרמאַכט זי די לאַכעדיקע אויגלעך, אַ מידע,
פון לאַנגן טאָג אַרבעט: פון זינגען, טאַנצן און שפּרינגען,
זיך קייקלען אין זאַמד, פון שפּילן און לערנען דער ליאַלקע
צו זאָגן „מודה אני״. דאַן האָט איר זון דאָס קליינשטעטל פאַרלאָזן,
אַוועק און באַזעצט זיך אין שטאָט — און נאָך לאַנגע פינף יאָרן
האָט גיטל איר קליינטשינקע פייגל דערזען פאַר זיך ווידער —
דערזען זי — נאָר זי האָט איר פייגעלע מער ניט דערקענט שוין.
אין ערשטער מינוט איז די קליינע אין שויס פון איר באָבן געפאַלן
דעם רוף פון דעם עבר געפאָלגט, וואָס האָט נאָך געטליעט אין האַרצן;
נאָר שפּעטער אַביסל האָט זי אירע אויגן צעעפנט,
ווי זי וואָלט אַריינדרינגען ווען בײַ באָבן אין האַרצן;

ווייל פרעמד, אָפּגעריסן פון שטאָם איז געווען שוין דאָס מיידל.
אַ מאַמע׳ס האַרץ פילט, אַז ס׳איז עפּעס וואָס נייעס געבוירן,
ס׳לאָזט זיך נישט נאַרן אַ מאַמע — איר זון איז נישט דער וואָס געווען —
האָט זי אירע אויגן פאַרשטעלט, אין מורא דערגיין דאָרט דעם אמת.
... געלב און מיט בלוילעכע אָדערלעך האָט זיך דאָס טייג פאַרצויגן
האָט גיטל גענומען דאָס וואַלגערהאָלץ אַ בלאַט לאָקשן צו וואַלגערן,
אַריבערגעפּירט מיטן רונד אויפן טייג, געגלעט און געוועלגערט,
צוגעפּרעסט אַלע פיר עקן דאָס בלאַט זאָל אַרויסקומען רונדיק,
איין דיק און איין מאָס זאָל עס האָבן, האָט אַכטונג געגעבן
סע זאָל זיך ניט וועלגערן לעכערדיק, אָדער מיט שפּיצן —
ביז קיילעכדיק איז עס געוואָרן און דין, גאָר אָן אַ שום פּגימה.

... און נאָכאַמאָל האָט זי דערזען זי נאָך לאַנגע צוויי יאָרן:
זי איז פון גימנאַזיע געקומען אין געסט צו דער באָבע.
ברוין געווען זיינען די קליידער וואָס זי האָט געטראָגן
און האָבן געהאַלטן אין צאַמען דעם איידעלן קערפּער.
יעטווידער טריט איז געווען געמאָסטן — געוואויגן,
מאַך מיט דער האַנט און אירע יעדע באַוועגונג — איר לערערינס תנועה,
פאַרבויגט זיך מיט טאַקט, רעדט געלאַסן און ציילט אירע ווערטער.
מיטגעבראַכט האָט זי מיט זיך אַ מתנה: פּושקינ׳ס לידער
אין ראָזיקן איינבאַנד, מיט גאָלדענעם שניט, מיט דער אויפשריפט:
„פאַר גוטער באַנעמונג און אויפפיר און פלייסיק לערנען״.
ס׳מיידל פלעגט אָפּזיצן טעג איבערן בוך פון די לידער,
ליד נאָך ליד געלייענט אויפ׳ן קול, מיט אַ נגון,
בייטאָג פלעגט דאָס מיידל עס לייענען, ביינאַכט פלעגט די אַלטע
דאָס בוך אויף איר פּאָליצע, צווישן די ספרים באַהאַלטן
ביים „צאינה וראינה״ און האַרציקע תחינות פון שרה בת־טובים.
ס׳האַרץ האָט אין אָנהייב געקלאַפּט אויף דער דאָזיקער מעשה,

נאָר שפּעטער האָט זי פאַרן „טריף־פּסול״ אַ זכות געפונען.
ס׳איז ניט ווי אַ ליאַדע בוך, אַן אַנדערס, וואָס רייזעלע לייענט
אַבי — וואו צו פאַרשטעקן... (אַ גלאָז האָט די אַלטע גענומען
אַ דינס און אַ קיילעכדיקס, האָט עס אין טייג איינגעשניטן,
און ס׳זיינען פון טייג אַרויס דינע געמאָסטענע בלעטלעך —
אַזוי קומען כלים אַרויס פון אַ פורעם געגאָסן.)

דער דרוק פון דער שול לעגט זיך שווער אויף דער יונגער נשמה,
עס קאָרטשעט זיך אין די נשמה געפייניקט, פאַרוויטיקט,
פון גוואַלדיקער קראַפט וועלכע וויל זי אין גאַנצן צעדריקן.
צאַנקט, ווי דאָס ליכט וואָס צעשמעלצט מיטן בלאָזן פון ווינטן,
ווערט שוואַכער און שוואַכער — און קומט אָן דער טאָג דער געבענטשטער:
דאָס קינד פאַרלאָזט ענדלעך די שול — איז איין געדאַנק ענלעך
צו דעם וואָס אין איין בוך, דאָס צווייטע געדאַנק צו אַ צווייט בוך.
ס׳זעען די אויגן פון קינד דורך די אויגן פון תקיף, פון לערער,
ס׳קול קלינגט אַזוי ווי איין לערערס, מיט תנועות פון צווייטן.
דערווייל ווערט זיין אייגענע פרישע נשמה פאַרלוירן
אין דאָזיקן דרוק...
האָט די אַלטע צום קעז זיך גענומען
צעשלאָגן מיט אייער און לאַנג מיטן לעפל געריבן.
אַרויפגעטאָן האָט זי ס׳צעריבענע קעז אויף די בלעטלעך,
צונויפגעקלעפּט האָט זי דערנאָך פון די בלעטלעך די ברעגעס.

...ס׳פליען די יאָרן. רייזל קומט ווידער צום נעסט צו דעם אַלטן
איצט אַ דערוואַקסענער מענטש, אין איר בליאיקער יוגנט.
איז אָבער ניט פריילעך ווי פריער, ניט די וואָס געוועזן:
די אויגן פול טרויער, זיפצט און זי שוויגט און זי לייענט
פון פרי אין פרימאָרגן ביז שפּעט אין דער נאַכט פאַרן לעמפּל.
האָט איינמאָל דער אַלטער פאַרגלוסט זיך איר נחת פאַרשאַפן,

האָט זי פונעם ביכער־שראַנק פּושקינ׳ס בוך לידער גענומען
און רייזלען דערלאַנגט עס — האָט ס׳מיידל בלויז טרויריק געשמייכלט.
ווי געטאָן האָט עס דער אַלטער פּושקינען זען אַ פאַרשעמטן,
מיטגעפילט האָט זי זיין צער, ס׳האָט פאַרקלעמט זי ביים האַרצן.
צוריק מיט רחמנות האָט זי דאָס „טריף־פּסול״ אַוועקגעשטעלט
צווישן די איריקע תחינות און סדור און „צאינה־וראינה״.

דערווייל האָט דאָס וואַסער אין טאָפּ געגומען שוין זידן,
געזאָטן, געשוימט און געבלעזלט און פריילעך געמורמלט.
האָט זי אירע קרעפּלעך אין קאָכיק וואַסער געוואָרפן
און ס׳האָט זיי אַ פאַרע פאַרדעקט...
ס׳פּלוצימדיק בילן פון סירקע׳ן
דערגרייכט האָט דער אַלטער, און עמיצנס קולות פון דרויסן.
איז גיטל אַרויס — ס׳איז דער בריוו־טרעגער דאָס מאָל געקומען.
אַ בריוו פאַר איר. האָט זי דערקענט באַלד איר רייזעלע׳ס האַנדשריפט.
מיט פריידיק־קלאַפּנדיק האַרץ דעם קאָנווערט אויפגעריסן
איז צו צונעם ליכט פונעם פענצטער לייענען ס׳בריוול —
און באַלד האָט אַ טויטלעכע בלאַסקייט איר פּנים פאַרגאָסן.
אָנגעכאַפּט זיך פאַרן טיש, אויף דער ערד ניט צו פאַלן.
געשטאַרקט זיך מיט לעצט ביסל כוחות, געזעצט אויפן שטול זיך.
קורץ איז דאָס בריוול געווען, אַ פּאָר שורות, ניט מערער —
נאָר ווי, וויפל האָבן די דאָזיקע שורות פאַרציילט איר:
„פּעטראָפּאַוולאָווסקי פעסטונג... ס׳וואַרט רייזעלע דאָרט אויף איר משפּט...״
אַ מיידל זאָל זיצן אין תּפיסה... „אוי, רייזעלע, רייזעלע, טאָכטער!״
דערשפּירט האָט די אַלטע, אַז עפּעס וואָס שרעקלעכס, וואָס גרויזאַמס,
קומט אָן, קומט אָן נענטער און לעגט זיך אויף איר און צעדריקט זי —
און האָט ניט די קראַפט און די מאַכט זיך אַקעגן צו שטעלן.
עס רייסט זיך אָפּ איטליך געדאַנק, ווערט פאַרבלאָסט און פאַרנעפּלט —
עס קוקן די אויגן פאַרשטאַרטע — און קענען קיין זאַך ניט באַנעמען.

און ס׳האָט זיך די וואַרימע פרילינג־זון העכער געהויבן,
איבער פעלד, איבער וואַלד — און אַ שטראַל האָט אין הויז זיך פאַרגנב׳עט,
געגלעט שטיל דער אַלטעטשקער׳ס פנים. שטיל איז זי געזעסן
זיך צוגעקוקט שטאַר צום געבלעזל פון קאָכיק וואַסער,
מיט פּאָרע און שוים, מיט די קרעפּלעך צווישן די בלעזלעך...

היידלבערג

י. י. שוואַרץ

# בערעלע איז קראַנק

מיט וואָס ווישט מען אָפּ זיך דאָס פּנים באַלד נאָכן זיך וואַשן ?
— מ׳ווישט זיך אַרום מיטן טישטוך, פּאַפּיר, מיט אַ שמאַטע,
מיט אַ זאָק, מיטן אַרבל פון עפּעס אַ בגד, ווי ס׳לאָזט זיך —
אַזוי זאָגט בערעלע בוץ און יעוודאָכע זאָגט: מיט אַ האַנטעך.
האָבן זיי לאַנג זיך געאַמפּערט, געצאַנקט אין דעם דאָזיקן ענין.
און גערעכט איז יעוודאָכע. נייערט, מיר האָבן אַ קימאַ־לן:
דין בלייבט דין און ס׳גייט זיין באַזונדערן דרך דאָס לעבן —
און אויב ס׳איז ביי גרויסע אַזוי — היינט ווי שוין ביי קינדער.
זיצט זיך בערעלע בוץ (ס׳איז בערל׳ס פאַרצערטלט צונאָמען)
זיצט אויף דער באַנק און די אויגלעך די קליינע זיי נישטערן,
זוכן אַרום איבער אַלע פיר ווינקלען פון צימער,
און אומגעריכט זיך אָנגעשלאָגן אָן אַ גרויסער מציאה:
אַ שטיקל וואורשט, וואָס דער קאָטער דער פרעסער האָט געלאָטכנט,
נאָר מ׳האָט אים געפּאַקט מיט דער גניבה און דורכגעטריבן,
איז נעבעך געבליבן ביי גאָרנישט...
און בערעלע האָט עס געפונען.

און געוואוסט האָט דער בחור: די גרויסע וועלן האַלטן אַנדערש,
ניט לאָזן אים עסן (געוואוסט פון לאַנגאָניקער פּראַקטיק).
נאָר גרויס איז דער יצר־הרע: זיינע אַלע חושים
פאַרטאָן און פאַרשפּיצט אין איין זאַך: ווי קריגט מען דאָס מאכל ?

פאַרנעמט ניט די טענות יעוודאָכעס צו זאָגן ברכה:
— „בערעלע, הויב זיך שוין אויף אַמאָל, זאָג ,מודה־אני׳,
וואו איז דיין ציצה־כנפות, אַז דאָס וואַקסט גאָר אַ שייגעץ
„אַלינקע טאָג און דאָס אייגענע, שלאָג אים צו זאָגן אַ ברכה,
„אַז ס׳וואַקסט אַ שמד׳עלניק, אַ גוי, עם־הארץ, אַ שייגעץ...
„צו אַלדי טייוואָלים... טפו, זאָל מיך גאָט ניט באַשטראָפן.״
און דאָ האָט די אַלטע יעוודאָכע זיך איבערגעצלמ׳ט.
(אַכצן יאָר געדינט אין יידישע הייזער, געוואוסט אויסגעצייכנט
אַלע יידישע דינים און מנהגים און גוט גערעדט יידיש).

און דאָ קומט די ריכטיקע רגע: עס עפנט די טיר זיך —
אומעלקע דער וועכטער איז דאָ, ער, מיט זיינע שטיוול און שטעקן,
געקומען אָפּגעבן און נעמען שלום פון זיין מחותנת יעוודאָכע.
קוקט בערל אים אָן מיט ליכטיקע נייגעריקע אויגן
און אומעלקע טוט אַריין זיינע ברילן אין בערלען, באַטראַכט אים,
טראָגט איבער בערלען זיין משפט אַרויס: „אַ פיינער בחור,
וועט אויסוואַקסן אָדער אַ רויבער, אָדער אַ גנב.
— „ס׳הויבט זיך ניט אָן״ — ענטפערט אָפּ אים יעוודאָכע מיט רוגזה —
די זיינען ניט קיין גנבים, נאָר שווינדלער און אָפּנאַרער;
ס׳ליגט נאָך אין וויגל — אָט האָסטו דעם סימן: אַ זייעריקער
דרייט מיטן קעפּל, זען צי ס׳איז דאָ וועמען צו באַשווינדלען,
אויב אַן אונדזעריקער — שפּרייט ער די הענטלעך אויף די זייטן,
צי קען מען ניט עפּעס וואָס גנב׳ען?״ — און אַזוי ווי יעוודאָכע
האָט דערווייל צוגענומען פון בערלען איר השגחה —
האָט ער אַ שפּרונג געטאָן אויף דער מציאה און דאָס פאַרשלונגען.

לייכט און פלינק זיינען די פיס פון שטילן ווינטערדיקן אָוונט —
ס׳ציטערט אַ סטרונע אין אים פון הייליקן צניעות׳דיקן עצבות;

די ווייסקייט פון ערד הייבט אָן בלויען; דאָס פּנים
פון זון פון דער גרויסער פאַררויטלט זיך, גלייך
צו איינעם אַ מאַן וואָס צעשיידט מיט זיין ווייב זיך אויף אייביק:
דערמאָנט זיך גאָר פּלוצים אָן חן און אָן גנאָד פון איר יוגנט,
זיין פּנים נעמט גליען, און אירס ווערט פאַרבלאַסט און פאַרפינצטערט.

און טשאַטעס — טשאַטעס וואָלקנדלעך לייכטע, בלוי־גרויע,
זיי טוען און שווימען אַרויס פון בלאַסגאָלדיקער ברייטקייט;
שלעפּן זיך נאָך גאַנצע מחנות, נאָך זיי קומען אַנדערע,
און דעקן די דרום־מערב זייט הימל; באַקומען אַ פּנים
פון אַ פליגל, אַ גיגאַנטישן פליגל פון אַן אומבאַקאַנט פויגל,
וואָס שוואַרצט איבער הימל, איבערן דאָרף און די הייזער.
שטילע און בולט'ע שטייען זיי, איטלעך הויז מיט זיין דאַכענעם היטל,
מיט פענצטער און טירן און ערדענע פּריזבעס, ווי לעבעדיק.
אַ קלענערע שטוב איז אַזוי: פענצטערלעך קליינטשינקע,
איר דאַך איז אַראָפּגערוקט איבער די ווענט, זיינע ברעגעס
שלעפּן זיך איבער די בעלקעס וואָס שפּאַרן זיי אונטער,
זיי זאָלן נישט איינפאַלן; גלייך צו אַ זקנה איבער זעכציק,
געבויגן, געהויקערט איר רוקן, וואָס לאָזט זיך סוף־זומער
אַרויס אין איר גערטנדל אָנגראָבן בולבעס און מייערן.
אָט שטייט דער „גבאי" פון הייזער, אַ באַלעבאָס אַ יוסטער,
איז אָפּגערוקט פון די אַרומיקע, ווי ס'פּאַסט פאַר זיין כבוד,
זיצט ברייטלעך צעלייגט, אין זיין זיצן איז עפּעס פון ליגן,
סטאַרטשען אַרויס זיינע ווענט, טראָגט אַ דאַך נייע שינדלען;
די אויגן־פענצטער קוקן מיט באַהאַלטן טענצלדיק לאַכן,
ווי איינער זאָגט: „קוקט מיך נאָר אָן, אָט־אָ בין איך, אָט שטיי איך!"
אָט שטייט אַ הויז קעגנאיבער — אַ שאָלטיק! די ווענט זיינען ווייסע,
שטייט הויך אויף אַ בערגל, דער דאַך זיינער — נידעריק,

און ס׳שפּיגלט די זון, שעמערירט אין אַלע זיינע שויבן;
זיין היטל, דער דאַך, דעקט אַריבער זיין פּליך, בולט — זיין שטערן,
און זיינע צוויי אויגן־פּענצטער ברענען מיט חוצפּה.
שטייט ביי דער זייט אַ שפּייכלער אויפן יסוד פון ווייסע שטיינער —
די קלעצער די אַלטע: איין קלאָץ אַריין און איין קלאָץ אַרויס,
קוקט מיט פאַרשלאָגענע פּענצטער, מיט שפּאָט און מיט חוזק,
זיין שטרויענער דאַך איז צעשויבערט און פּליכיק פון ווינטן,
זעט אויס ווי אַ יונגעטשקער קליינער פּאָסט־באַאַמטער,
מיט דער קוטשמע האָר אויף זיין קאָפּ, מיטן שטייפן קאָלנער,
און ס׳פּנים צעפּאָקט און צעגריבלט פון בלאָטערן.
מיט אַ ליכטיקן קוק ווינקט שיקלדיק צו נאָך אַ דירה:
קליין, זונפאַרפלייצט, ווי אַ יונג ווייבל באַלד נאָך איר חתונה,
ס׳חן פון מיידלשאַפט ליגט נאָך אויף איר, שפּראָצט מיט ליבשאַפט.

און די נאַכט רוקט זיך אָן און באַפעסטיקט זיך איבערן דאָרף,
די הייזער טוען אויס איין צורה און ציען אָן אַן אַנדערע,
ס׳איז זיי ניט מער צו דערקענען. מיטן ליכט פון טאָג צוזאַמען
האָט אויך זיך פאַרלאָשן ס׳ליכט פון בערעלע בוצ׳ס קוקערס.
אַנטשוויגן געבליבן, און קריינע׳ס האַרץ איז פאַרציטערט געוואָרן
געקוקט אים אין די אויגן אַריין און פאַרציטערט געוואָרן.
ער קוקט זיך ניט אום, אומזיסט נאָר איר פּיעסטשען און צערטלען,
נעמט גאָרנישט אין מויל, ניט די לאָבונג און ניט אירע קיכלעך.
דאָס קינד ליגט אין בעט, כאַפּט זיך אומרואיק אויף יעדע רגע,
דאָס וויינט און דאָס קרעכצט און דאָס ברענט אין אַ העליש פייער.
אַזוי איז די נאַכט איר אַוועק, אָן שלאָף און אָן אָפּרו,
האָט אויסגעקוקט די אויגן, ס׳זאָל נעמען שוין טאָגן,
איר מאַן זאָל שוין קומען פון דאָרף, זיך האַלטן אַן עצה,
ביז סוף־כל־סוף האָט זי טריט דערהערט — און ניי־באַלעבט געוואָרן.

האָבן אָנגעקלאַפּט צווײ װײַבער, װאָס זײַנען אומגעגאַנגען
אויסקלײַבן פֿאַר אַן אָרעמער כּלה: אײנע — הינדע די שמש׳טע,
און די צווייטע — די „שוואַרצע יידענע", איר באַגלייטערין,
האָט די יונגע מאַמע פֿאַר זיי איר שווער האַרץ אויסגעגאָסן.

האָט זיך אָנגערופֿן די שוואַרצע יידענע און געזאָגט:
(הויך און דאַר איז זי געווען, אַ שוואַרצע, ביט קיין שיינע,
גערעדט האָט זי אויף אַ האַרט, פּויעריש קול) „קריינעלע, ליובעניו,
„הער אויס נאָר וואָס איך וועל דיר זאָגן: מ׳דאַרף קריגן וואַסער אַביסל,
„הייליק וואַסער פֿון קירך, וואַקס אַ שטיקל פֿון ליכט פֿון הייליקן מיקאָלאַ,
„אויסשמירן זײַן שטערן מיט וואַקס, דאָס הערצל און לעפֿל פֿון אויער,
ווי מיט דער האַנט וועט אַוועקגענומען ווערן זײַן קראַנקייט."
דאָ איז הינדע די שמש׳טע אַרויס פֿון די כּלים,
און גערעדט האַרבע רייד צו דער שוואַרצער יידענע:
„תּמיד שפּרינגסטו די ערשטע אַרויס, רק דו, ווייטער קיינער,
„הייליק וואַסער און מיקאָלאַ׳ס ליכט — אָט האָסטו דיר אַ סגולה,
„אַ משל צו קליאָטשענע לאַטקעס! קריינעלע, האַרצעניו,
„ווי ס׳קינד איז דיר ליב, טאָ הער נאָר וואָס איך וועל דיר זאָגן:
„דו פֿרעג נאָר ביי ציפּע דער לאָמער וועט זי דיר דערציילן.
„די ציפּע האָט אַ ברודער וואָס וואוינט אין „קליין מצרים"
„ער האָט חתונה געהאַט פֿאַר חמ׳עלעס אַן אייניקל.
„(ווי גייט דאָס גלייכווערטל? : דעם חלק דעם בעסטן
„פֿאַרכאַפּט דער חזיר דער גרעסטער.) ער האָט באַרכעשעם
„אַ שפּע, אַ שפּייזקלייט אויף אַלע יידן געזאָגט געוואָרן,
„און שניידט זיך אויף אַן עושר. ער האָט אָפּגעקויפֿט זיך שוין
„אַ שטאָט אין סאַמע מזרח, ר׳ דן האָט אים פֿאַרקויפֿט דאָס,
„מחמת, ער האָט זיך אַרויסגעצויגן קיין קאַמינקע.
„זײַן שוועגערין האָט אַ זונעלע, איז ער ביי איר אַ ציטעריקס.

„מחמת אירע צוויי יינגלעך, ניט פֿאַר אייך גערעדט, קריינעלע,
„זיינען ביי איר געשטאָרבן. אין „קוזמע־דעמיאַן" זיינען זיי געווען דאָ
„און איך האָב דאָס יינגל געזען מיט די אייגענע אויגן,
„כ׳זאָל אַזוי זוכה זיין צו פֿירן מיין מענדעלען אונטער דער חופּה.
„וואָס זאָל איך דאָ אַ סך ברייען? כ׳האָב געזאָגט און זיי האָבן געפֿאָלגט מיך:
„מ׳דאַרף אויסזוכן פֿיר פּאָרלעך, פֿיר חתנים און פֿיר כּלות,
„וועמעס טאַטע־מאַמע לעבן, אי פֿון חתנ׳ס אי פֿון כּלה׳ס צד,
„און נעמען פֿון איטלעך פּאָרל, פֿון אַלע פֿיר פּאָרלעך,
„צו זילבערנע פֿערטעלעך, פֿיר זילבערנע מטבעות,
„דאָס געבן צום גאָלדשמיד, אויסגיסן דערפֿון אַן אוירינגל,
„און זאָל ער דאָס טראָגן, אַ סגולה פֿאַר אריכות־ימים,
„אַ זילבערן אוירינגל פֿאַרן יינגלס רעכטן אויער".

אויפֿגעציטערט איז קריינע געוואָרן פֿון די־אָ דיבורים,
מחמת ביי איר זיינען אויך שוין צוויי קינדער געשטאָרבן —
האָט זי מיט אַ האַלב מויל געענטפֿערט: „כ׳ווייס? וועל רופֿן אַ דאָקטער,
„איך וואַרט נאָר מיין מאַן זאָל שוין קומען, ער וועט אים שוין ברענגען".
דאָ איז די שמש׳טע הינדע אַרויס מיט אַ רוגזה:
— „אַ דאָקטער? אַרויסגעוואָרפֿענע טרחה, אַ קרענק פֿאַרשטייט ער!
„אַ מאָדע געוואָרן, דאָקטוירים, ווער האָט געוואוסט פֿון אַ דאָקטער?
„וואָס טוט דען אַ דאָקטער, איך בעט דיך, און וואָס איז זיין עובֿדה?
„קומט און פֿאַרשרייבט אַ רעצעפּט — ווייטער גאָרנישט! ער שרייבט!
„צי דען זיינען אויסגעגאַנגען זנאַכערס און אָפּשפּרעכערס?
„וואו איז טאַראַס, וואו איז כרושטש, די וואָלכוויטקע וואו איז?
„טשאַרנע מיינע, איז ניט פֿאַר אייך גערעדט, קראַנק געוואָרן —
„זיך געוואָרפֿן אין היץ און אין קעלט און געפֿיבערט, איך ווייס דען?
„ווייטיק געליטן אין בויך און אין קאָפּ, מיינע שונאים,
„האַלט אין איין ריידן פֿון היץ עפּעס מאָדנע טשיקאַווע דיבורים —
„האָט דער אַלטער מיינער גענומען טענה׳ן: אַ דאָקטער!

„אַ דאָקטער? נו, זאָל זיין אַ דאָקטער, אַבי נאָר צום לעבן.
„געקומען דער דאָקטער, זי אויסגעהערט, טאַפּט איר דעם דופק
„און זאָגט: זי האָט „טיף". טיף — זאָל זיין טיף, וואָס ווייס איך?
„זאָל ער אַזוי וויסן צו לעבן, ווי ער ווייס פון אַ קראַנקייט.
„וואָס זאָל איך אייך זאָגן? פיר וואָכן ווי איין טאָג אַריבער
„און טשאַרנע ליגט קראַנק אין בעט, ווי אין טאָג אין דעם ערשטן;
„זע איך, ס'אַ מעשה אָן אַ סוף — האָב איך גענומען די פלעשלעך
מיט די רעצעפּטן און זיי אַרויסגעוואָרפן צו'ן אַלדי רוחות.
„אַזוי זאָל איך זוכה זיין מענדעלען פירן צו דער חופּה!
„און טאַקע אין זעלביקן טאָג געשיקט רופן די „וואָלכוויטקע".
„געקומען — גענומען אַ האָר פון אַ שוואַרצן אָקס, אָן אַ פלעק,
„גענומען אַ קויל־פּייער, דאָס האָר איבערן קויל פאַרברענט,
„געררויכערט איבער דער קראַנקער און זי אָפּגעשפּראָכן.
„דערציילן אייך אַ מעשה? אין דער אייגענער וואָך נאָך
„איז טשאַרנע אויפגעשטאַנען פון בעט אַ פרישע, אַ געזונטע.
„איך זאָל שוין אַזוי לעבן און געזונט זיין, פאָטער אין הימל!
„קריינעלע, האַרצעלע, פאָלג מיך און שיק נאָך דער „וואָלכאָוויטקע",
„און מיר, קריינעלע, וועלן שוין גיין. אַ קלייניקייט עפּעס,
„ניט געעפנט די אויגן און די נאַכט שטייט שוין אונטערן פענצטער.
„נו, זיי געזונט, קריינעלע־האַרץ... אַ מצווה, אַ גרויסע מצווה —
„אַן אָרעמע כלה נעבעך... אין זכות פון דער דאָזיקער מצווה
„וועט ס'יינגל געזונט ווערן. נאָר רוף באַלד די „וואָלכאָוויטקע",
„טאָמער מיינסטו ס'וועט ניט העלפן — שאַדטן וועט געוויס ניט,
„און נאַדיר אַ שמעק־טאַביקע פאַר אַלע דאָקטוירים."

פלינק אויף די פיס איז יעוודאָכע געלאָפן זי רופן —
געווען איז זי אַלט, דער רוקן געהויקערט, נאָר די אויגן לעבן,
דורכדרינגענדיק, שאַרף, פול מיט פּקחות און חכמה —
געקומען די זנאַכערקע, קלאַפּנדיק שטיל מיט די שטיוול.

דאָברי־דזיען, ליבינקע! עך סאַראַ טאָגעלע שטייט היינט!
רעגן־ניט־רעגן שניי־און־ניט־שניי, אַ משונה געמישעכץ:
אַ ווינטעלע וואָיעט און הוליעט און קערט ווי אַ בעזים
פאַרבלענדט די אויגן, פאַרשטאָפּט דאָס מויל, פאַרכאַפּט דעם אָטעם.
דאָס איז וואָס מענטשן זאָגן: אייער המן און אונזער יעוודאָכע
גייען היינט אַ טאַנץ. לאָמיך אָקאָרשט דערוואַרעמען די ביינדעלעך.

פּאַמעלעך האָט די וואַרעמקייט דער זקנה צענומען,
ווי אַ גוט־געטראַנק דערוואַרעמט, אירע בולט'ע אָדערן
זיינען געווען צעווירעט איבער די הענט און פּנים.
זיך אויפגעשטעלט, אַריין אין קיכשטוב, צונויפגענומען
פון אונטערן אויוון העלצער און שפּענדלעך פולע הויפנס;
געקערט זיך צו דער ווייסער וואַנט, גענומען אַ שופל,
אַוועקגעשטעלט די כלי אויפן קיך און שטיל געטאָן איר אַרבעט;
גענומען פון געפּעס־אַלמער אַ קליין אַ ליימען־טעפּל
און וואַקס, קלאָר ווי בורשטין אַריינגעטאָן אין טעפּל,
פאַרלעגט אַ סירניק אונטער די שפּענדלעך, אַ קליין פייערל
האָט אָנגעצונדן זיך, צעברענט זיך אין אַ פריילעך פייער, —
אָנגעשעפּט און אָנגעגאָסן וואַסער אין אַ שיסל,
ס'טעפּל איבערגעקערט אין וואַסער, דער וואַקס איז אַרויפגעשוואומען.
לאַנג־לאַנג זיך איינגעקוקט פאַרטיפט אין שטריכן פון אַ צורה,
נאָכדעם אויפגעהויבן איר קול און געזאָגט: קוק נאָר, טאָכטער,
אַ פּנים פון אַ מאַנסביל זע, מיט קודלעס מיט צעשויבערטע,
ס'איז זיין בייז אויג, וואָס האָט אויפן קינד געהאַט די שליטה —
ברענג מיר אַן איי און כ'וועל די עין־הרע אָפּשפּרעכן.
איז קריינע געלאָפן צום קאָרב, אַ קלאָר־ווייס איי דערלאַנגט איר.
האָט די אַלטע אַ וואונק געטאָן בערלען און בערל איז צוגעקומען,
האָט די אַלטע דאָס קלאָר־ווייסע איי איבער אים געקייקלט,

געקייקלט איבער זיין גאַנצן גוף, פון קעפּל ביז די שפּיצן פינגער,
געקייקלט פּאַמעלעך און די אַלטע ליפּן האָבן געשעפּטשעט:
„אַן עין־הרע איז דאָ אַריין,
„דער שיינקער און זיין ווייך,
„מאַנדלען און טרויבן,
„ראָבן און טויבן
„זיינען אָנגעפלויגן —
„ווער ס׳האָט די עין־הרע געגעבן
„זאָלן אים אַרויסקריכןביידע אויגן".
דריי מאָל געזאָגט דאָס שפּרוך, דריי מאָל דאָס איי געקייקלט
און גאַנצע דריי מאָל מיטן פולן מויל זיך אויסגעשפּיגן.

בערעלע בוצ׳ס פּנים האָט זיך צעלויכטן קוקנדיק אויפן איי,
דערשפּירט עס הונגערט אים, דער מאָגן פּאָדערט עסן,
האָט ער געוועגדט זיך צו דער מאַמען זיינער: מאַמע אַן איי!
איז קריינע געלאָפן צום קאָרב, אַן איי אים אָפּגעקאָכט,
האָט ער געגעסן מיט חשק, ס׳פּנים האָט זיך אויסגעלייטערט,
געפּראַוועט קונצן, געקוליעט זיך איבער דער אַלטער׳ס שטיוול,
וואָס איז געזעסן בהרחבה׳דיק ביי קריינעס טיש,
זיך אָנגעגאָסן כוס נאָך כוס, און אַזוי ווייטער,
און יעדן כוס פאַרביסן מיט דער שבת׳דיקער חלה.

1907

שאול טשערניכאָווסקי

# אין אַ הייסן זומערטאָג

איז געשטאַנען די תמוז־זון הויך אינעם הימל, פלייצנדיק
מיט שפע פון ליכט איבער גערטנער און פעלדער אוקראַינע׳ס;
געבלענדט פאַר די אויגן, געשאָטן מיט פונקען, מיט שטראַליקע בליצן,
פלינק און לייכטשפּילעוודיק זיך צעשפּרייט איבער אַלע פיר זייטן,
געטענצלט אין מאָנבלומען רויטע, אויף פאַרביקע פלאַטערלאַך,
אַרויס אין אַ טאַנץ מיט די פליגעלעך איבער די וואַסערן־שטראָמען,
טאַנצן אַקעגן דער זון מיט די שטיפערישע הייִשעריק־קינדער,
וועלכע פון זיי עס באַהאַלטן זיך צווישן די בלעטער פוןביימער,
און וועלכע פון זיי, אָפּגעשטאַנענע, שפּרייטן זיך אויס אויף די ברעגעס
פון שטראָם פונעם האַסטיקן, פלינקן, אין פייכטע און גאָלדענע זאַמדן.
איינגעזאַפּט האָבן די פעלדער די אָפּברוכן־שפּריצן פון זונשיין,
פאַרדעקט זיי, אין וואַרימען פרוכטבאַרן שויס זיי באַהאַלטן;
בלום און בליט זויגן זיי אייַן, אין זייערע געשלאָסענע קעמערלאַך
און דערנאָך, ווען די צייט פון צאַרטע בלעטלאַך גייט אַריבער,
נעמען פעלדער און לאָנקעס דאָס פאַרהיטע ליכט אַרויסשיסן,
די שטראַלעכלאַך שיסן אַרויס, די פונקען ווערן פאַרוואַנדלט
אין קערנער פון בערדיקן גערשטן, אין ווייצן שווערגאָלדיקע,
אין שטענגלעך פון האָבער.
שפּרייט זיך דאָס אונטערשטע גאָלד
און ריירט אָן דאָס אויבערשטע גאָלד, פלעכטן זיך שטראַלן אין שטראַלן,
שטאַרקט זיך די חמימה ביז גאָר, ניט צו דערכאַפּן דעם אָטעם.

מ׳זעט ניט קיין מענטשן אין מאַרק, פּוסט שטייען די דאָרפישע גאַסן,
זעלטן נאָר וואו ס׳האָט די זון ניט קיין שליטה, אַ שאָטנדיק ווינקל,
וואו ס׳לאָזט זיך אַראָפּ אַ ברעג דאַך אויף אַ וואַנט און גיט שאָטן,
פאַרשטעלט פון דער בראַנדיקער היץ.

אַ שאָטנדיק ווינקל אַזוינס

האָט געפונען זיך הינטער אַ וואַנט, צפון־מערבדיקער וואַנט,
פון דאָרפישער טורמע, וואָס האָט אויך געדינט פאַר דער „אופּראַווע״.
דריי האָבן דאָס מאָל געפונען זיך דאָרטן אין שאָטן:
משה אהרן דער קורצער, וועמען די גויים האָבן גערופן:
„דער געבראָטענער״ — געווען אַ מעשה, זיין שטוב האָט זיך אָנגעצונדן
בשעת ער איז געשלאָפן אויפן בוידים און איז קוים ניצול געוואָרן.
געווען ביי זיין אומנות אַ פאַרבער, אַ זומערדיקע מלאכה,
נאָר ווינטערצייט זיצט ער אין שטוב ביי זיך און הונגערט.
די אַנדערע צוויי וואָס זיינען מיט אים אין יענער שעה געזעסן:
וואַסקע דער פערד־גנב און יוכים, דער מלאך דער שומר
פון דאָרפישער טורמע, „כאלאדקע״ אויפן פויערשן לשון;
נתעלה געוואָרן צום דאָזיקן אַמט נאָך זיין צוריקקער
אויף איין פוס פון דער קרימער מלחמה. און ווי האָט פּאַסירט דאָס
זיי זאָלן דאָס מאָל דאָ אין דאָזיקן ווינקל זיך טרעפן?
די עלטסטע פון דאָרף האָבן איינגעזען, די לאָדנס פון טורמע
זיינען פון לאַנגן דינסט אָפּגענוצט און אָפּגעשאָסן —
האָבן זיי פאַררופן די „הראָמאַדע״ פאַר אַ ישוב־הדעת,
אַז ס׳וואָלט געווען אַ יושר צו ברענגען אַ יידן: פאַרבן.
נאָך לאַנגן ישוב־הדעת און נאָכדעם ווי דער „געבראָטענער״
האָט געשטעלט אַן עמער בראָנפן — האָבן די יאָ־זאָגער געזיגט
און מיטן יידן מושווה געוואָרן. איצט איז ער געשטאַנען
געשוויצט צווישן לאָדן און לאָדן, געאַרבעט מיטן פּינדזל —
געשמירט, געפּלעקט, געשפּריצט. מ׳קען זיך שוין אויף אים פאַרלאָזן,

קיין שלעכטע אַרבעט וועט ער ניט אַרויסלאָזן פון האַנט.
דאָס מאָל איז עס אַרויסגעקומען בעסער ווי געוויינטלעך:
ער האָט געפאַרבן זיי אַזוי: אַ גרין, אַ קופּערגרין,
די ברעטער פונעם לאָדן און די ראַם וואָס גייט פונדרויסן;
אינמיטן פונעם לאָדן אַ רויט צירקל, אַ גרויסער פּונקט אין צירקל,
און האָט די גוטע פאַרבן ניט געקאַרגט חלילה.
פון מיטלפּונקט פון דאָזיקן זיינען אַרויסגעקומען
די געלע און די בלויע פּאַסן, געל און בלוי, אַזוי כּסדר,
אַ בלום אונטערן צירקל, וואָס די וועלט האָט ניט געזען נאָך.
שייך, אויסערגעוויינטלעך, קנאָספּן דריי אַרויסגעשפּראָצטע
אַלע פון אַ ווייסן שטאָק און איטלעך קנאָספּ מיט זיינע בלומען,
העלפט רויט, העלפט גאָלדיק און געשטרייפט, געדריידלט קונציק,
אַז ס'איז דאָס מויל גאָרניט בכוח דאָס אַרויסצוברענגען.
די דאָרפסלייט זיינען אַזש פאַרגאַפט געבליבן קוקנדיק,
די קעפּ געשאָקלט און געטשמאָקעט מיט די ליפּן אויפן וואונדער:
„די מלאכה פון געבראָטענעם". אין יענער שעה אָבער
איז דער געבראָטענער געשטאַנען נאָך איבער דער אַרבעט
און די צוויי גוים האָבן געהאַלטן אין בויען אַ „פּאַסטקע".
(געווען צווישן די כאַלאָדקע־ווענט אַ גרויסער ישוב ראַצן,
וואָס פלעגן דורכן טאָג אַרויסקומען, געפּלאָנטערט צווישן פיס זיך,
אַ בייזע אימה אָנגעוואָרפן אויף די ווייבער.)
זיצט זיך דער שומר יוכים און וואַסקע העלפט אים אונטער,
אויך ער זיצט אין דרויסן, מחמת אין היץ איז ניט שייך,
זיצן אַביסל אין שאָטן, פאַרברענגען אין פריינטלעכן שמועס.
זיצט ער, פאַרציילט וועגן „מכשול" וואָס אים האָט געטראָפן,
און מוז נעבעך „זיצן": אַ מעשה מיט עפּעס אַ שטריק... געפונען...
און פאַרגעסן דערציילן דעם עיקר: אָן שטריק אָן דער דאָזיקער
געווען איז אַ פערד אָנגעבונדן, אַ פערד אויף פיר פּאָדקעוועס...

„אַזוי־אַ דערבאַרעמדיקע מענטשן, אַ שטריק דאָרט, און גאָרנישט;
„און ער איז פאַרמשפּט צו זיצן דערפאַר אין כאַלאָדקע״...
אַזוי זיינען די מענטשן געזעסן פאַרטאָן אין דער אַרבעט,
געצויגן די אייזערנע דראָטן, יוכים ציט זיי אָן אין דער פּאַסטקע,
מאַכט האָקנס אָנצשטעכן אויף זיי שטיקלעך קאָלבאַס,
אַזוי ביז זיי האָבן דערהערט לייכטע טריט פון דער גאַס דאָרט.

די תמוז־זון שטייט אין זעניט פונעם הימל און פלאַקערט,
קיין לעבעדיק נפש אין מאַרק איז ניטאָ, ליידיק — די גאַסן,
ס׳קומט קיינער אַצינד ניט אַרויס צוליב זיינע געשעפטן.
קוקן די מענטשן אַרום זיך פאַרוואונדערט: ווער גייט דאָרט?
האָט וואַסקע אַ בלינצל געטאָן די גנבישע אויגן,
משה אהרן שטעקט ס׳פּינדזל פאַמעלעך אַריין אינעם עמער,
דער שומר יוכים האָט אָפּגעשטעלט אויף באַלד זיין אַרבעט,
אָפּגערוקט פון זיך די פּאַסטקע, געגלעט זיך דאָס בערדל,
זיך שטיל אָפּגעהוסטלט, זיין מאָגערע האַלדז אומגעדרייט.
האָבן אַלע דריי זיך פאַרוואונדערט דערזעענדיק שמחה׳ן,
דער רוקן, ווי תמיד אַביסל געבויגן, אַ טיכל ביים האַלדז אום,
די הענט אין די אַרבל פאַררוקט פון דער אַטלעס־קאַפּאָטע,
די רעכטע — אין לינקען און לינקע — אין רעכטן אַרבל,
די טריט זיינע לייכטע און פלינקע, מיט אַ ספר׳ל אונטער דער פּאַכווע.
דער אַלטער צעשמייכלט זיך, נאָענט צוגעקומען — באַגריסט זיי
און איז תיכף אַריין אין שמועס מיטן געבראָטענעם:
— „זעט נאָר ר׳ שמחה, וואָס פאַראַ שפּאַציר היינט אין דאָזיקער חמימה?
און וואָס עפּעס מיטן מענה־לשון?״ — „געגאַנגען צו גאַסט צום מיזינעק,
אויף וועלוועלעס קבר״. — „ברוך דיין אמת! — ווען און ווי אַזוי,
איך הער דאָס ערשט, באמנות״. — און דאָ האָט ר׳ שמחה
זיך אָפּגעזיפצט שווער און גענומען דערציילן זיין מעשה:

— די קינדער מיינע זיינען באָרכעשעם קינדער, ווי אַלע קינדער,
אַלע זיינען, ווי איר ווייסט, ר׳ משה, צו גאָט און צו לייטן,
וואָס איז דאָ שייך צו זאָגן: חכמים פּקחים ונבונים;
זיך געשטעלט אויף די פיס, אויסגעוואָקסן, ווי דער שטייגער איז,
געהאַט פון זיי צער־גדול־בנים, מענטשן געוואָרן,
געמיינט, אַז קיין גרעסערע טרחה איז גאָרנישט פאַראַנען,
אַזוי איז שוין דעם מענטשנס טבע אַלץ איבערצוטרייבן.
אַנדערע גייען און פאַרגרעסערן און אַנדערע פאַרקלענערן.
אָפּגעזאָגט „ברוך שפּטרני״ — דאָ בעט זיך זאָגן דעם אמת —
געפּאָקט און געמאָזלט אין צייט, אין צייט זיך אויסגעשניטן ציינדלעך,
אויף אַלע פיר געקראָכן, אין צייט זיך געשטעלט אויף די פיס,
דערוואָקסן צו חדר און מסחר, ווי גאָט האָט געבאָטן —
קיין גרויסער חלוק צווישן דעם און יענעם איז ניט געוועזן.
דער איז אין וויגל אַריין און אין יאָר־מיט־עפּעס נאָכדעם
זיין פלאַץ אָפּגעטראָטן פאַרן ניי־ברודערל, למזל וברכה.
ניט אַזוי אָבער איז געווען מיטן מיזינעק, מיט וועלוועלען,
ער איז געקומען נאָכדעם ווי מ׳האָט זיך מיאש געווען פון קינדער,
און זיין מאַמע האָט געהאַט מיט אים גאָר אַ שווער האָבן,
מחמת ער איז שווערער געווען פון די פריערדיקע קינדער.
גרויס איז געווען די שמחה — אַ צענטער צום „מנין״.
אַ שרייער אַ גרויסער געווען, נאָר דאָס איז די מידה פון קליינוואַרג.
נאָר באַלד ווי ער האָט אויף די פיס זיך געשטעלט, פלאַפּלען גענומען,
האָט באַלד זיך דערקענען געלאָזט: ס׳איז אַן אַנדער מין בריאה,
און האָט כלל וכלל ניט די השגות פון די אַנדערע ברידער.
ריידן איז אים אָנגעקומען שווער און אויך אין „אלף־בית״
איז ער, ווי מענטשן זאָגן, ווי אויף פלעקער געגאַנגען.
אַ רוח־שטות איז אַריין אין אים, געווען אַ בעל־חלומות:
פאַרקלייבט אין אַ ווינקל זיך ערגעץ מיט גרויסע פאַרוואונדערטע אויגן,

האָט ליב דעם גאָרטן ביינאַכט, ווען ס׳איז פינצטער, אַנטשוויגן,
פוילט זיך ניט אויפשטיין באַגינען צו כאַפּן אַ קוק אויפ׳ן זונאויפגאַנג,
ווען ס׳שטייט דער פרימאָרגן געבאָדן אין טוי. שטייט אַ פאַרגאַפטער
פאַרקוקט זיך פאַרנאַכט אויף דער שקיעה, פאַרגעסט דאַוונען מנחה,
ווען ס׳גליען די שטראַלן די לעצטע און ווערן פאַרשוואומען.
וואָס אמת איז אמת: שיין זיינען די נאַכטיקע הימלען
נאָר וואו ליגט דאָ „תכלית״? — ס׳טרעפט, זעסט אים לויפן צום פעלד
הענדום־פענדום:
— ווערלווערלע שוטה, וואו לויפסטו? ער לויפט זען די קאָרן־בלומען.
דער קאָרן האָט בלומען. קליין זיינען זיי, בלויע און שיינע,
און האָבן אַ לעבן אַ קורצס. זען זיי — מוז מען זיך פעדערן.
פונוואַנען די דאָזיקע תורה באַקומען? ער האָט זי בקבלה
פון וואַינקען און טימאָשקע׳ן, די דאָרפישע שקצים.
אַמאָל טרעפט ס׳באַפאַלט אים אַ רוח, באַזעצט זיך אין אים און צווינגט אים
דווקא אין רעגן צו טאַפּטשען אין לוזשעס איבער די גאַסן,
די טראָפּנס פון רעגן זיי שטעקן אַריין זיך אין וואַסער
און האָבן אַ מראה פון טשוועקעס מיט שפּיצן אַרויפצו.
אַ דבוק — און גאָר! אין נאַכט וואָס דאָס פאָלק האָט אַ נאָמען געגעבן:
„די נאַכט פונעם שפּערל״ — פלעגט דער דאָזיקער קליינער שוטה
אַ היפּש ביסל שמיץ אַריינכאַפּן ביז ער איז שלאָפן געגאַנגען —
דאָס זיצט ווי אַ צעשראָקן פייגל, זאַפּט איין מיט די אויגן
די בליצן וואָס שניידן אַדורך און זיגזאַגן אין שוואַרצן הימל
און קען זיך גאָר זאַט ניט אָנקוקן.
נאָר אַ האַרץ געהאַט האָט ער אַ גאָלדנס,
גאָלד ניט קיין האַרץ — אַ פליג אויף דער וואַנט ניט פאַרטשעפּעט.
און די קינדער אין שטוב זיינען אים דערגאַנגען די יאָרן,
„ווערלווערלע שוטה״ גערופן אים און נאָך אַזעלכע נעמען
און ער האָט גאָר קיינמאָל אויף דעם ניט געענטפערט, שייך צו זאָגן:

אַז ס׳קינד האָט קיין טראָפּן גאַל ניט געהאַט אין זיין האַרצן.
היינט וויפל ליבשאַפט ער האָט אַרויסגעוויזן פאַר בעלי־חיים:
באַגינען, ווי ביי גאָט נאָר אַ טאָג, קלייבן זיך שוין טשאַטעס פייגלען,
כאַפּן ביי אים פון די הענט אַרויס קרישקעס און קערנער —
אַליין נאָך אין מויל ניט גענומען און גיט שוין די כלבים עסן.
ניט איינמאָל געכאַפּט אים, דעם בחור, גנב׳ענדיק מילך פון די קרוגן,
אין זאָרג פאַר דער קאַץ וואָס האָט זיך געקעצלט; נאָר מער פון אַלץ,
מיט טויבן זיך אָפּגעגעבן, שלאַקן געבויט פאַר די טויבן
און זיך אויסגעשטאַנען צוליב דעם די געבראָטענע צרות,
אַריינגעכאַפּט קלעפּ און סטיסאַקעס און ווילדע נגישות.
כ׳בעט אייך, האָט איר שוין געזען אַ יידן האָדעווען טויבן?
און ער האָט פאַרטראָגן דאָס אַלץ, אויסגעפּירט ס׳זייניקע —
זאָל ער שוין טאָן וואָס ער וויל! און דער הויף איז פול געוואָרן
מיט טויבן און טערקלטויבן מכל־המינים. בין איך ניט אויך אַמאָל
אַ דאָרפישער שייגעץ געווען? ס׳איז בלויז מיר אַ פלא,
פונוואַן האָט ביי אים זיך גענומען זיין גרויסע מבינות?
מיינט איר, ר׳ משה, אַז ער האָט אויך מיך ניט אויסגעלערנט
צו רופן די טויבן ביי זייערע נעמען? געוואוסט האָט זיי אַלע דער קליינער:
די זיינען מצרישע טויבן, די דאָזיקע רופט מען „מאָנאַכן״,
דאָ זיינען טויבן מיט וואָליעס, סטאַרטשן די ברוסט אויס ווי „קנעפּלאַך״,
דאָ קומט די פּאַווע־טויב, האַלט אין איין פוצן איר עק־פעדער,
די מיט טשוביקעס, שטרייפן פון שיין אויף די רוקנס;
אַ טשאַטע פון טויבן געלאָקטע באַגעגנט זיך מיט ריזיקע טירקלטויבן,
דאָ וואָרקן ליבע פּאָרלעך „רוימער״ און פּאָרלעך „נעגערס״
מיט קעפּלאַך מיט שוואַרצע; אָט קומען צופליען די פּערל־טויבן
פון דער משפּחה מאָנאַכן; איטאַליענישע, סירישע, שווייצערישע.
צו אַ קינד איז אַן אַלטער געגליכן: איך, מיטן קאָפּ מיטן גרויען
האָב געלערנט די תורה פון יינגל, כמעט גאָר אַ מבין געוואָרן.

אַזוי ביז דער צייט וואָס ער האָט לערנען „שוואַרבע״ גענומען —
איז דאָס ייִנגל אַריינגעפאַלן אין חלומות, חלומות אין דער וואָך,
זעט בלויז דאָס וואָס געלערנט ביים רבי׳ן אין חדר:
ציגיינער שפּרייטן זיך איבערן דאָרף, העק־שלייפער, שמידן
זיינען מצרים ביי אים אין די אויגן; גאַרבן אין די פעלדער —
יוסף׳ס גאַרבן פון חומש! וויל וויסן וואו ליגט ערגעץ דער גן־עדן
און וואו די „אורים ותומים״, און וואו דער כהן־גדול?
פרילינג — דאָס וואַסער צעגיסט זיך, אַהאַ, ס׳איז דער ים־סוף!
אַ באַרג — איז ביי אים דער הר־סיני, און וואו איז דער וועג קיין ירושלים?
האָט דער מלמד געזען, אַז דאָס קעפּל איז שוואַך פאַר גמרא —
געזאָגט, ס׳וועט געגוג זיין מאַכן פון אים אַ כשר׳ן ערלעכן יידן,
אַריינגעקנעלט אין אים „חיי־אדם״, מיט יראה פאַרן בורא.
איז ס׳ייִנגל געוואָרן פרום, וואָס פרום הייסט, מיט האַרץ און נשמה,
אָפּגעהיט מצוות, תעניתים, געוואָרן אַ מאריך אין דאַוונען,
ממש אַזוי ווי אַן אַלטער, שרייט אַן אויף מיר און די ברידער,
וואָס דרעשן עבירות אויף טריט און אויף שריט. די עלטערע ברידער
פלעגן אים איינשטילן מיט קולות, מיט קלעפּ און מיט בוכצעס,
געטאָן אים צו להכעיס, געגעבן אים נייע צונעמען,
ווי „צדיק״, „חסיד״, „רב״, „דעם רבונו של עולמ׳ס קאָזאַק״, און נאָך.

אַ ייִנגל ביי אונדז ווערט בר־מצוה — שפּאַן איין זיך אין יאָך פון פּרנסה,
וועלוועלע אויך האָט גענומען זיך צולערנען מסחר —
נאָר — איז ניט באַשאַפן צו דעם...
וואָס זאָל איך זאָגן, ר׳ משה,
אַז ענג איז געוואָרן אין „תחום״, פאַרבאָטן אויף ערד זיך באַזעצן,
צוגענומען דעם „ביטערן טראָפּן״ — זיינען אַלע קרעמער געוואָרן,
ענגשאַפט, קאָנקורענץ, זיינען גרויס און פירן צו רמאות,
ניט אויסגערעדט זאָל זיין, עפּעס אַ הכרעה פון אַ פינגער

אויפֿן וואָגשאָל, אַביסל מער צי ווייניקער אַ טראָפּן
אַ ניט דערמאָסטנס פֿון בלעך...

שרייט ער, דער בחור:

סטייטש, אַ בפירושער פּסוק, און איסור, און בית־דין של מעלה?
טענה'ט מען איין מיט אים — ס'העלפֿט ניט, כאָטש שריי חי־וקים!
וויל ניט הערן און געדקענקען: „פֿאַלשקייט, רמאות און דין!"
מ'קען ניט פֿאַר אים אין די אויגן טאָן מסחר. טרעפֿט זיך אַמאָל ווען
אַ גוי ברענגט עפּעס צו טראָגן פֿון הפקר, וואו ס'שטעקט אַ פֿאַרדינסטל —
באַדאַרף מען פֿאַר אים זיך באַהאַלטן, זיך אויסהיטן,
אַניט — איז מען חיות ניט זיכער, ווי פֿאַרן אוריאַדניק.

פּורים איז ביי אונדז איינגעשטאַנען אַ משולח פֿון ארץ־ישׂראל
אַ רויטער ייד מיט אַ באָרד מיט אַ לאַנגער, אַ פֿיינע אַסאָבע,
אַ בעל־צורה און בויך, און דאָס מויל האָט געשאָטן מיט פּערל.
באַלד נאָך דער סעודה האָבן די זין זיך גענומען אַרויסרוקן
דער אַהער, דער אַהין, דער איז אין דרימל אַריינגעפֿאַלן,
און יענער, פֿאַרמאַטערט פֿון טאָג אַרבעט, שלאָפֿן געגאַנגען.
מירביידע זיינען פֿאַרבליבן מיטן משולח; ער האָט דערציילט אונדז
נסים ונפֿלאות פֿון די הייליקע קברים פֿון די אבות,
ווי יידן קומען זיך אויסוויינען ביי די שטיינער פֿון „כותל־מערבי",
און ביי מאַמע רחל'ס קבר, די הדלקה אויף שמעון־בן־יוחאי'ס קבר,
נסים און וואונדער שבוואונדער! זאָט ניט געקענט זיך אָנהערן...
וועלוועלע זיצט ביי מיין זייט, זיינע אויגן גליען ווי קוילן,
הענגען ווי אייזן אָן מאַגנעט אויפֿ'ן משולח'ס ליפּן,
ממש ער שלינגט איטלעך וואָרט. ביז שפּעט אין דער נאַכט זיך פֿאַרזעסן,
ניט געקענט גאָר זיך שיידן.

אויף מאָרגן אינדערפֿרי,

ווען דער משולח איז אָפּגעפֿאָרן — איז בלויז איין וועלוועלע
ניט געקומען מיט אים זיך געזעגענען. מיר האָבן גערעכנט,

געוויס איז דאָס ייִנגל פֿאַרנומען אַצינד מיט די חיות און עופֿות,
מיר וויסן דאָך זײַנע מנהגים און דרכים —נו, פּטור.
מ׳גייט עסן מיטיק — ניטאָ אים, דאָ ווערן מיר גאָר שוין מבולבל,
געזוכט, איינגעאַקערט — ניטאָ, איז אַרײַן ווי אין וואַסער,
געקלאַפּט ביי די שכנים — ניטאָ אים. ערשט שפּעט שוין אין אָוונט
האָט אַ גוי אַ באַקאַנטער געבראַכט אים צו פֿירן,
אַ דורכגעפֿרוירענעם פֿון קעלט. ער האָט אויפֿן שליאַך אים געטראָפֿן,
דערקענט אים, געבראַכט אים אַהיים. אין דער זעלביקער נאַכט נאָך
האָט ס׳ייִנגל געברענט ווי אַן אויוון, געקלאָגט זיך אָן אויפֿהער
אויף ווייטיקן שטאַרקע אין ברוסט, אין די זייטן, געפֿלאַקערט
גאַנצע דריי טעג און געשטאָרבן.

דערנאָך ערשט דערוואוסט זיך,
אַז װעלװעלע האָט באַשלאָסן — ניט מער און ניט וויניקער —
זיך לאָזן קיין ארץ־ישראל. האָט אָפּגעוואַרט דעם משולח
און יענעם האָט זיך פֿאַרגלוסט צו טרײַבן אַביסל קאַטאָוועס,
אים מיטגענומען אַ שטיקל וועג, דערנאָך אים אַראָפּגעלאָזן.
נאָר װעלװעלע, פֿאַרעקשנ׳ט, האָט באַשלאָסן צופֿוס גיין —
געגאַנגען אין שניי און אין קעלט, ביז ס׳האָט אים געטראָפֿן דער פּויער
און צוריק אַהיים אים געבראַכט.

און כאָטש מיר אַלע האָבן
געוואוסט זײַנע דרכים פֿון אַ מלמד, אַ תם, אָבער אַ נשמה־יתירה,
דאָס האָבן מיר געזען בחוש, איז ער אין שטוב געוועזן.
איינער ניט פֿון דער וועלט — וואַרימקייט, האַרץ און נשמה.
דאָס אַלץ איז מיט זײַן טויט צוגענומען געוואָרן, אויסגעליידיקט
איז ס׳הויז פֿון זײַן ריינקייט. האָב איך געטראַכט מיר,
אַזוי ווי מ׳זעט ניט קיין מענטשן, כ׳וועל גאָר גיין באַזוכן
מײַן ייִנגל, מײַן װעלװעלע שוטה... ער בענקט מן־הסתם נאָך זײַן טאַטן.
פֿאַרבייגעגאַן זייער בית־הקברות — כ׳זע ס׳איז אינגאַנצן

פאַרפלאָכטן אין גרינס און אין בלומען, מיט ווערבעס איבער די בערגלאַך
איז אַריין אין מיר אַ רוח־שטות: ווי וואָלט געווען, ר׳ משה,
כ׳זאָל בלומען לעגן אוי זיין קבר, ער האָט זיי אַזוי ליב געהאַט.

האָט ר׳ שמחה זיך אָפּגעזיפצט און געבליבן אַנטשוויגן,
אויך דער „געבראָטענער״ זיצט און שוויגט... — „הויב זיך אויף, ברודער,
„און גיי אין „כאָלאָדקע״ צוריק — האָט יוכים געפּסקנט, —
„מחמת דער שרייבער קען אָנקומען, און ס׳איז ניט אָנגענומען
„אַן אַרעסטאַנט זאָל זיצן אין דרויסן — פאַרמאַך נאָר די טיר הינטער זיך.״

אַ פלאַקערדיקע תמוז־זון איז געשטאַנען אין הימל
מיט פייער געפּלייצט, געשטראַלט, געפינקלט און געשימערט.

י. י. שוואַרץ

# דער צעבראָכענער לעפל

...און זייער מעגלעך, אַז ס'האָט דאַן זיך פייערדיק געזעגנט
אַ ברייטגיביקע זון פון מערב־הימל מיט גרויס ליבשאַפט;
זיך אָנגעהאַנגען מיט איר לעצטן קוש פון גאָלד פון גוסס'ן
אויף פרישע זילבערנע בעריאָזעס מיט צעגרינטע צווייגן;
געצונדן פונקען טאַנצנדיקע אין די קעפּ פון די ציפּרעסן,
אויף צוויטשערדיקע חתונות פון יונגע שוואַלבן־מחנות,
צוריקגעקומענע פון ווייטע לענדער; גאָלד אין טייך געשמאָלצן,
קאָליר געגעבן אויף די שופּן פון די פיש אין וואַסער,
מיט פלאַם די וואָלקנדלעך אין הימלבלוי פאַרטרונקען.

און זייער מעגלעך, אַז פונקט דעמלט, פאַרן זיך צעשיידן,
האָט זי דערמאָנט זיך אָן אַ ווייטן דאָרף, פאַרוואָרפן ווינקל;
אַ גערטנדל פון צוויי־דריי בייטן איבער וועלכע ס'שאָטענען
פיר טרויעריקע אַקאַציעס, פאַרגעסענע פון צייט און ענדערונג.
דאָרט לעבן זיי דאָס לעבן פון אַ דור וואָס איז פאַרגאַנגען
מיט זיינע ליידן און חלומות, היטן אָפּ די אַלטע מסורות,
די בלומען וואָס די באָבעס האָבן נאָך פאַרפלאַנצט דאָרט:
דער פלאָקערדיקער מאָהן און געלער דופטיקער דיאַנטוס.
דאָס „קיניג'ס בערדל" פּראַכטיק אין די פורפור־בליטן,
און די „פרימאָרגן־גלאָרי" וועלכע פלעכט זיך אויף די פלויטן;

די דאָרן־קוסטעס הענגען אויס זייערע בעכערלעך,
די צאַרטע לבנה־בעכערלעך און היאַצינטן־בעכערלעך.
די פלעכטן פון פיינבלעטערדיקן באָב און די „ציגיינער־קליידלעך”,
די „שלאַנקע מלכה” אויסגעצירט מיט בונטע אוירינגען
און סאַמעט־בלום מיט די געדיכטע שרייענדיקע פאַרבן.

און זייער מעגלעך, אַז געוויס האָט דאָן אַ פרילינג־ווינטל
אין ווייטן ברייטן סטעפּ און ס׳האָט אַ ברייטגיביקע זון געלויכטן...
ס׳איז זייער מעגלעך! אָבער דערנאָך ווי זי האָט דורכגעקלעטערט
די דערנער שטעכיקע פון פלויט, זיך אָפּגעשיידט פון טורמע־הויף,
זיך אויפגעהויבן אויף דער הויכער דיקער וואַנט פון מויער,
אַריינגעדרונגען דורך די גראַטעס — איז זי געוואָרן
מיד און אָפּגעשוואַכט, אַ געלער אומעטיקער פלעק.
די גראָבע שווערע גראַטעס פאַרטונקלען און פאַרשלינגען
די שטראַלן די פאַרגנבעטע, וואָס דראַפּן אויף דער וואַנט זיך.
אַ שאָטן טיילט זיך אויס און ס׳ווערן טאָפּלטער די גראַטעס
די גראַטע אויפ׳ן פענצטער און אויף דער וואַנט די צווייטע,
וואָס שליסן איין די אַכצן מענטשלעכע נפשות
וואָס זיצן איינגעשפּאַרט אין „בייעם פּאַלאַץ”. ס׳נעמט אָוונטן,
אַנטשוויגן איז געזאַנג, פאַרשטומט איז יעדער אין זיין ווינקל,
און יעדער איינער מיט זיין אַנגעווייטיקט האַרץ און פלאָגן.
פאַרגליווערט איז די לייד ווי די הערצער זייערע,
און ס׳וואָגט די זון ניט זיי דערוואַרעמען, דערפרייען.
ס׳גייט אויס דער פלעק פון ליכט —

איין אַרעסטאַנט:

אַוועק איז נאָך אַ טאָג, פאַרגאַנגען.
ברידער, וואָס וועט מאָרגן זיין ביים טיילן די באַלאַנדע? (1)

1) אויף אַרעסטאַנטן־לשון: זופּ.

ס׳איז איצט די רעכטע צייט דעם לעפל צו פֿאַרריכטן:
ניטאָ דער „מענט״ [2]) אין קאָרידאָר און די „מאַסאַלקעס״ [3]) אויף דער וואַך.
צווייטער אַרעסטאַנט:
מ׳דאַרף אַריינקוקן אין „וואָלף״ [4]) מ׳זאָל באַהיט ווערן פון אַ „סוכער״ [5])
דער „רוח״ [6]) פליט אַרום און שנאַפּט און ריעט מיט דער נאָז, אַ מוֹרא!
וואו איז ערגעץ דאָס טינט?
ערשטער אַרעסטאַנט:
אָט שטייט עס דאָ אין פלעשל,
מיט אַ לאַטייניש נאָמען אויפן פלעשל. לעבן זאָל
די וויסנשאַפט פון מעדיצין און זאָל איר זכות אונדז בייזשטיין.
דאָקטאָר, ווי רופט מען די רפואה?
דריטער אַרעסטאַנט:
קאַליום היפּערמאַנגאַני.
ערשטער אַרעסטאַנט:
זאָל זי רוען אין איר רו! אָבער וואָס וועט מען טאָן מאָרגן?
גיט מיר אַ „שוחט״ [7]) און פּאַדים, כ׳וועל דעם לעפל פאַרריכטן.
אַן אַנדער אַרעסטאַנט:
סילין, מיין לייטער, וואו ביסטו? לייטערל, קום נאָר אַהערצו!
און ס׳ווענדן זיך אַלעמענס אויגן אויף סילינ׳ס פיין פּנים.
טוט זיך אַ הויב מיט אַ שמייכל אַ לייכטס אויף די ליפּן
שטעלט אויס זיין מעכטיקע ברוסט, גלייכט אויס די ברייטע פּלייצעס,
שפּאַנט מיליטעריש, ווי ער וואָלט נאָר וואָס פלעוונע געגומען —
שטעלט זיך ביי וואַנט פון דעם אויוון און וואַרט אויף זיין חבר.

---

2) זעלנער.
3) וועכטער.
4) לעכל אין טיר.
5) רעוויזיע.
6) נאַטשאַלניק.
7) מעסער.

שפּרינגט צו דער קלענסטער פון גאַנצער חבריה, דער בלאָנדער
„ס. ס.״ מיט די ליכטיקע אויגן און ס׳קלייבט זיך אַרום זיי דער עולם.
קלעטערט אַרויף אויף די שטאַרקע עפּעס־געבויגענע פּלייצעס,
שטייט מיט די הענט און די פּיס אויסגעצויגן, די לינקע האַנט
האַלט זיך אָן ווינקל פון וואַנט און די רעכטע האַנט עפנט
דאָס טירל פון קוימען, וואו ס׳ליגט דאָס פאַרבאָטנס באַהאַלטן:
אַ מעסער און טאַבאַק און פעדער — די אוצרות פון „פּאַלאַץ״.
האָט ער, דער קליינער „עס־עסניק״ דאָס מעסער דאָביוועט,
די בליקן פון גאַנצער חבריה באַגלייטן אים ליבלעך.
דער גבאי סעמיאָן האָט גענומען דאָס מעסער, געזעצט זיך,
און ס׳האָט זיך דער עולם צעשטעלט אַרום אים אין אַ רעדל.
אָט ווי ער האָט עס געטאָן: געמאַכט האָט ער צוויי ציילן לעכלעך,
קליינטשינקע לעכלעך איןביידע צעבראָכענע העלפטן
און ס׳האָבן די ציילן געשטימט גענוי איינס קעגן אַנדערן.
לעגט צו דעם שפּיץ פונעם מעסער, קייקלט אים צווישן די פינגער
געלאַסן און פּאָרזיכטיק ביזקל דער שפּיץ פונעם מעסער
עגבערט דאָס האָלץ דורך, באַווייזט זיך פון צווייטער זייט לעפל.
ציט דורך אַ פּאָדים ביים זוים פון די צוויי ציילן לעכלעך
ציט ביידע ברעגן פון פאָדים אַדורך, קרייצט זיי איבער,
פירט ווייטער זיי דורך דורך די לעכלעך, אַזוי ביז צום לעצטן,
ציט זיי צונויף און פאַרבינדט ביידע העלפטן פון לעפל.

איין אַרעסטאַנט:

שיין איז אַן אַרבעט וואָס קומט מיט אַ חברשן שמועס —
פאַרלירט זי דען עפּעס דערפון וואָס מיר זיצן אין תפיסה?
ווער האָט דערטראַכט זיך די תפיסה די ערשטע צו מאַכן?
און דאָ איז געוואָרן אַ מיינונגספאַרשידנהייט: דער זאָגט אַזוי,
דער צווייטער זאָגט אַנדערש: „געוועזן איז אַ מלך״ — „אַ דוכס״ —
ביז עמיץ האָט אָנגעהויבן: געוועזן איז אַ קינד און אַ פלאַטערל,

ביידע געוועזן זיינען פריי אין דעם זוניקן קאָרנפעלד;
ס׳קינד האָט געקליבן די זאַנגען, אין הויפנס אין פולע געקליבן,
קלייבט, וואַרפט אַוועק און קלייבט ווידער — ביז ס׳האָט אים דערעסן.
נאָכדעם האָט ער אַ שטיק צייט זיך פאַרשפּילט מיט די קאָרנבלומען,
בלויע און פּראַכטיקע בלומען — אויך דאָס האָט אים שפּעטער דערעסן.
דערזעט ער אַ פלאַטערל: שענער איז עס פון די זאַנגען,
און פיינער קאָלירט פון דער קאָרנבלום — לויפט ער עס כאַפּן;
יאָגט עס דאָס יינגל און ס׳פלאַטערל זוכט צו אַנטלויפן
ביז עס פאַרפליט אין אַ לאָך פון אַ שטאָם אַ צעפוילטן,
און דאָ האָט דאָס יינגל געכאַפּט מיט אַ בלאַט און פאַרדעקט עס.
וויל ער דאָס פלאַטערל אָנקוקן — נעמט ער די בלאַט אַרונטער,
פאַרליבט זיך אַזוי, אַז ער קען זיך מיט אים אַזש ניט שיידן,
געוואַכט איבער אים ביז אויסגעהויכט האָט עס זיין אָטעם —
האָבן די גרויסע געזען דאָס און ס׳איז זיי געפעלן געוואָרן.

צווייטער אַרעסטאַנט:

דער וועלט׳ס ערשטע תפיסה איז קיינמאָל געבויט ניט געוואָרן:
נייערט, באַשאַפן דורכן וואָרט. ווען גאָט האָט באַשאַפן
דעם הימל און ערד — איז די תפיסה די גרויסע געוואָרן.
די וועלט און איר פולקייט — אוניווערז — איז דער נאָמען פון תפיסה.
אַ הויז אַ געראַמס — און איז ענג, אַ רחבות — דערוואָרגן צו ווערן,
און אַלע געבוירענע זיינען אין קייטן פון אייזן און קופער:
אין יאָך פון טראַדיציעס און שטריק פון פאַרגעסענע דורות
אין שטרענגע געזעצן פון ווערן און שאַפן פון גאָרנישט,
פון נעפלען פון „בראשית״ ביים שוועל פון פאַרלענדונג און לעבן,
היטן די גזירה פון מאָגן וואָס מאָנט און פון פּריה־ורביה.
פאַרשפּאַרט אין דער תפיסה — פּאָטענץ — קרענקלעך — צעוויייטיקט,
געשמידט צום סקעלעט און אָדערן, חכמה — אין דינסט פון די חושים,
מוח און נערוון אין פענטעס פון היץ, קעלט און באַשפּייזונג.

„שײנקײט״ — איז קנעכט פון דער צײט, ראַסע און קלימאַט.
„פרײַער ווילן״ צאַפּלט זיך אין די נעצן פון „אורזאַך און רעזולטאַט״,
„אמת״ אין די קײטן פון קלאַסן און פּראָדוקציע־פאָרמען.
און גלויבן שלעפּט זיך נאָך לויט דער אַנטוויקלונג פון פעלקער.
די ערשטע תפיסה אויף דער וועלט איז ניט געבויט געוואָרן,
נײערט — באַשאַפן דורכן וואָרט.
דריטער אַרעסטאַנט:
וואויל איז דעם אויער
וואָס איז זוכה אַזאַ מין טיפן ענין צו פאַרנעמען.
פאַרריכט איז דער לעפל! און איצט זאָלן רײדן מבינים.
וואַסער געגאָסן אין לעפל — און ס'רינט ניט אַרונטער קײן טראָפּן.

פנימער האָבן געלויכטן צעשמײכלט, פאַרגאַפּט פון דער אַרבעט.
שטילע געזעסן און שטיל האָט די מויער אַרום זײ פאַרשלאָסן.
שטײען און הערן זיך צו צום געזאַנג פון דעם אויבערשטן גאָרן:
„שטײט אויף, לאָמיר אָפּזאָגן זיך פון דער וועלט פון דער אַלטער,
און איר שטויב פון אונדזערע פיס אָפּטרײסלען...״

מעליטאָפּאָל, 1907, אין טורמע און אויף דער פרײ.

י. י. שוואַרץ

# קריעת ים־סוף

גער האָט דער טאַטע זיין דרך אויפצונעמען פסח:
ערב־פּסח אינדערפרי אָפּגע׳פּטר׳ט אַלע געשפעטן,
זיך גע׳עסק׳ט מיט בעור־חמץ אויף ווייסינקע שפענדלעך,
געשפּאָלטן פון סאָסניקן ברעטל, מיט נייעם הילצערנעם לעפל
אין שמאַטע אין ווייסער פאַרבונדן. פאַרטיק מיט דער מצוה —
געגאַנגען, אויסגעקליבן אַן עמער, אַ שטריק אָנגעבונדן,
דעם עמער אין ברונעם אַראָפּגעלאָזט, אַרויסגעצויגן
קאַלט וואַסער, אויף דער טרוקענער ערד דאָס געגאָסן.
צוערשט זאַפּט די ערד איין דאָס וואַסער, פאַרשלינגט דאָס,
דערנאָך, נאָכן שטילן איר דורשט, הערט זי אויף צו פאַרנעמען —
פלעגט ווערן אַ גרויסע לוזשע פון כמה וכמה איילן.
איז דער טאַטע געגאַנגען אין הויז זיך אָנטאָן זיין פעלצל:
אַ גרויס און אַ ברייטס און אַ וואַרעמס פון שאָפענע פעלכלעך,
און גרין, טונקלגרין, געמאַכט פון אַ מייסטער אַ גאַרבער.
דאָס פעלץ וויקלט איין אים אינגאַנצן, טאָפּלט פאַרלייגט אויפן האַרצן,
ביז אונטער די פאַכוועס, פאַלט איבערן בויך ביז די קניען.
דער קאָלנער — מהודר׳דיק, איבער די ברייטע פּלייצעס,
פאַלט איבערן האַלבן רוקן, ווען אויפגעשטעלט — איבערן קאָפּ אים —
אַ קאָלנער פון שוואַרצע ציגנהאָר מיט לאַנגע געדיכטע לאָקן.
דער זוים פונעם פעלץ איז באַשלאָגן מיט פוטער, די אַרבל —
מיט וואָלענע פרענדז באַצירט, פרענדז — נאָר אויף וואונדער!

גענומען דעם לאַנגן גאַרטל, פון קעמלהאָר געשפּונען,
און אַלע קאָלירן פון הימל וואָס געפינען זיך אין רעגנבויגן,
און אַלע קאָלירן וואָס זיינען אין הימל ניטאָ — האָבן געבליאַסקעט
אין איינס אין אַ שרייאיק געמיש, געבלענדט אין די אויגן
פון דאָרפישע שקצים, וואָס האָבן באַדאַרפט זיך צו שטעלן
דאָס יאָר צום „פריזיוו", און פון יענע וואָס זוכן שוין ווייבער
און ווילן מקיים זיין דעם פסוק „שמח בחור" מיט שמחה.
דער טאַטע פאַרוואַרפט אָט דעם גאַרטל אַרום זיינע לענדן,
שטעלט אויס די ברוסט, און וויקלט אים איינמאָל און נאָכאַמאָל
ביז ס'בלייבן די גרויסע פרענדז אויף איין זייט אים הענגען.
גענומען דעם לאַנגן שטעקן, אָנגעלאָדן אויפן פּלייצע,
די גרויסע באַק־דייזשע (האָט צער, וואָס די דייזשע איז ליידיק),
שפּאַנט האָפערדיק, „מיט אַ הויכער האַנט", אין די ווינטערדיקע שטיוול,
פאַרשטויבטע, אַזוי ווי ס'שטייט אינעם חומש געשריבן:
„זיי האָבן ניט געקענט זיך פאַרזאַמען" — אַרויס אינעם דרויסן,
שפּאַנט ער אַריבער דער לוזשע, אַ זכר ליציאת־מצרים,
אַ זכר לקריעת ים־סוף...

איינמאָל אין אַ יאָר אין אַ שנייאיקס —
אַ שניי איז געפאַלן אַ שווערער, געשטאַנען אויף די פעלדער
פון גאַנצן געגנט, האָטביימער געבראָכן מיט זיין משא,
פאַרוויקלט די וועלט אין תכריכים, פאַרשאָטן די טאָלן,
די בערגלעך פאַרוואַנדלט אין בערג, געבלענדט דורך טעג מיט ווייסקייט
און אָוונטס געבלויט מיט זיין בלוי — ביז מיטאַמאָל, גאָר פּלוצים,
אַרויס איז די זון מיט איר חמימה, דער שניי האָט גענומען לאָזן.
און אָט, אין איינער אַ נאַכט האָט ס'וואָסער גענומען זיך הויבן,
פאַרפלייצט אַלע וועלדלעך און טאָלן, פאַרגאָסן די נידעריקע פעלדער
וואָס ליגן ביים דניעפּער, ביז דעם אַרמענישן מאַרק וואָס צו דרום,

פאַרטרונקען די קעלערן פון הייזער, די גראָבנס ביי פּלויטן,
די גרינסגערטנער — אָזיערעס. „אַזוינס ניט געזען נאָך
זינט יידן האָבן באַזעצט זיך אין די טאַורישע סטעפּעס,
נאָכן רוסישן כבוש". זיינען קיין סך טעג ניט פאַרלאָפן —
און דאָס וואַסער האָט אָפּגעצויגן, פאַרשלונגען פון דניעפּער.
נאָר שוואַכע וואַסערן, די פון די טאָלן און גערטנער,
די פון קאַנאַוועס און גראָבנס, האָבן גענומען אויסבריען
אַ יונגן דור זשאַבעס, וואָס האָבן געקוואַקעט: ליבע.
און די עלאַסטישע פויגלען פון זומפּ מיט די לאַנגע פּולקעס
האָבן אָנגעהויבן שפּאַצירן גאַנצע טעג איבער די זומפּן.
אַ שפּיץ אָזיערע האָט זיך ביי אונדז אין הויף אַריינגעשניטן,
גענומען זיך פאַרציען מיט אַ גרינעם שליים. כ'גיי מיטן טאַטן
צום ברונעם. ווי אַלע יאָר, זעט אויס ביי מיר אין די אויגן
די אָזיערע גרויס, אַזוי גרויס, ווי דער ים־סוף בשעתו.
„טאַטע — זאָג איך צו אים — אָט האָסטו אַ פאַרטיקן ים־סוף,
ניט טיף, אויף מיין וואָרט". „אַוודאי — זאָגט ער — ווער דען זאָל וויסן?
געוויס האָסטו דאָ אין דער לענג און דער ברייט שוין געקנאָטן;
דאָס מאָל אָבער ביסטו גערעכט; נעם, שייגעץ, אַרונטער די שטיוול,
און מיר וועלן ביידע אַריבער". געגאַנגען ביים ברונעם:
אַוועקגעשטעלט דאָרטן די שטיוול, פאַרקאַטשעט די הויזן,
אַ נעם מיך געטאָן פאַרן האַנט מיט גרויס ליבשאַפט:
דו גיי פאָראויס, מחמת דיר איז באַקאַנט דאָך דער וועג דאָ,
נאָר גיי ניט צו טיף, ס'איז גענוג ביז די קנעכלעך".
און אַזוי האָבן מיר געטראָטן: איך — פּאַמעלעך, פאָרזיכטיק,
דער טאַטע — האָפערדיק, גראָד, ווי יום־טוב פון בית־מדרש.
און אַז מיר זיינען געקומען אינמיטן וואַסער — האָט דער טאַטע
אָנגעהויבן אַ שטיל פּזמון, געשפּאַנט און געזונגען:
„די שירה פון ים". און אין פענצטער איז געשטאַנען די מאַמע,

און די שיינע אויגן אירע, ווען מיר זיינען אַריין אין הויז,
זיינען פּייכט געווען און ליכטיק. און אַזוי האָט געזאָגט די מאַמע:
„ליבינקער גאָט, זאָל דיין רצון אין הימל געשען,
אַז כּל־זמן די טאַטעס מיט די זין גייען ביי אונדז צוזאַמען,
זאָלן מיר פּאַר קיינעם ניט האָבן מורא. ס׳זאָל מקוים ווערן:
׳דאָס וואַסער קומט ביזקל האַלדז׳ — אָבער ניט ווייטער,
דערטרונקען זאָלן ווערן אונדזערע שונאים, הלוואי, און אינגיכן.״

י. י. שוואַרץ

# אַ פאַרשטערטער פסח

פאַרשטערט איז געווען יענער פסח...
אייגנטלעך, איז דאָס געווען
אַן ערב־פסח ווי פון איטלעך יאָר. די זון האָט געלויכטן, ווי תמיד,
געשמייכלט צום גאַנצן באַשאַף. נאָכאַנאַנד פאַלט אַ רעגן,
הויבט אַן זיך מיט זון, לאָזט זיך אויס מיט אַ זוניקן שמייכל.
פון ערגעץ וואו נעמען זיך טראָגן גאָר זעלטענע ריחות,
שווער זיי צו געבן אַ נאָמען, וואָס וואַרפן און שפּרייטן חלומות.
מיט זונאויפגאַנג באָדט זיך די ווייטקייט די גרינע אין בלויקייט,
און ס׳צערטלען זיך גראָזן און פלאַנצן אין ליכט און אין שימער.
שטיפערישע פריילעכע ווינטלעך, די ווינטלעך־קונדסים,
טוען אָפּ שפּיצלעך מיט וואָלקנדלעך, יאָגן זיי, טרייבן,
קלאָרע אַזעלכע און צאַרטע, שרעקעוודיקע, לייכטפליגלדיקע.
יאָגן זיי, די פוסטעפּאַסניקעס, יאָגן פון דרום צו מערב,
טרייבן זיי אַן ווי די סטאַדעס צעשראָקענע שעפעלעך.
פאַלט צו דער אָוונט — בלייבן זיי שטיין אויף אַן אָרט, ווי פאַרגליווערט,
אין אויסזען: אַ ריזיקער פליגל פון אַ לעגענדאַרישן פייגל
אין ברייטקייט פון מערב פאַרשפּרייט, פון איין ברעג צום צווייטן.
ווייס ווי אַ פעדער צוערשט, דערנאָך ווערט ער ראָזיק, בורשטיניק,
זאַפרענדיק, ראָסטיק — צום סוף גאָר בלוי־גרוילעך. אָדער,
זיי טוען אַ שטויס דאָרטן איינעם אַ שווערפיסיקן וואָלקן,
בלוי־שוואַרץ אינדערמיטן, מיט מיאוסע קאָלטענעס גרויע,

מיטווילדע צעשויבערטע פּיאות, אויפגעברויזט שוימיק.
הויבט אָן דער וואָלקן צו קריכן, זיך שפּרייטן, צעוויקלען,
פאַרכאַפּט גאָר דעם הימל אינגאַנצן — אַ פאָרהאַנג אַ גרויער —
ביז עס צעשמעלצט זיך דער וואָלקן, ברעכט אויס אין אַ רעגן,
ווי פון אַ וואַנט פון אַ קרומער, פּלייצט, שמייסט אַרונטער —
הייבט אָן זיך מיט כמאַרע, לאָזט אויס זיך מיט זוניקן שמייכל,
וואָס ברעכט זיך אַרויס דורך אַ וואָלקן אין שפּיגלען פון לוזשעס.
שטייען די זומפּן און וואַרטן אויפן אָפּדרוק פון קינדערשע פיסלעך,
און ס'איילט זיך די ערד די צעווייקטע שוין טרוקן צו ווערן —
איז נאָכגיביק, ווייך פאַרן אַריינגעשטעקטן פיסל,
ווי זי וואָלט זאָגן: קינדערלעך טייערע, ליבע, אָט בין איך,
ערד אונטער אייערע פיסלעך, שפּאַצירט, לאָזט זיך וואוילגיין!

פאַרשטערט איז געוואָרן דער יום־טוב...
און אייגנטלעך זיינען
געווען דאָס די אייגענע טעג, ווי פון איטלעכן פרילינג:
די גאָלדיקע פלייסיקע בין האָט אָנגעהויבן זשומען,
און ס'האָבן האַרטפּליגלדיקע זשוקעס געקלאַפּט און געהוזשעט;
שטייט אינעם דאָרף איצט דער זעלביקער רעש פון אַ כשר'ן פּסח
וואָס קומט אין דער וואַרעמער וועלט פון די יידישע הייזער.
שאָרכן די טרוקענע מצות פאַרברוינטע אין ווייסינקן ליילעך,
וואָס הענגט אויף צוויי אייזערנע האָקנס, ווי געבראַכט פונעם בעקער,
הענגט אין אַ זייטיקן חדר און וואַרט דאָרט אין ריינקייט און קדושה.
אַלע די אייזערנע כלים, און כלים פון צין און טשוגון,
צישן און צישן אין וואַסער פון טונען און פעסער
און שלאָגן אַרויס דאָרטן בלעזלעך, ווען מ'האַלט זיי אין כשר'ן;
דאָס רייבן און סקראָבען פון הייסע, פון זודיקע שטיינער
וואָס שייערן בענקלעך און טישן, די שטעקנס די לאַנגע

פון קאָטשערע־פּאָמיעלע; ס׳פּלייצן די שטראָמען הייס־וואַסער
און שווענקען אַרונטער דעם חמץ; ס׳קלינגען פון זילבערנע כלים,
פון קופּער פון רויטן, פון צין פון בלאַסן מיט קרייד געשייערט;
גאָפּל און לעפל און מעסער, קדוש־בעכערס, זאַלצמעסטלעך,
דאָס מעסטל פון חרוסת, טיי־זייערס, צוקער־צווענגלעך —
קלינגלען אַ פריילעכס, פאַרקניפּט אויף אַ שטריק און פאַרבונדן,
גייען אַ כשר׳ע טבילה אין מקווה פון פעסל;
און ס׳קלאַפּט דער טורקאַטש אָן די ווענטלעך פון הילצערנער סטופּע,
ברעקלט די מצות אויף מצה־מעל, ברעקלט און קלאַפּט אויס אַ פריילעכס.

פלוצים געפאַלן דאָס וואָרט! אַ ייד איז פון שטאָט געקומען —
געוואָרפן אַ וואָרט — האָבן רעדלעך גענומען זיך קלייבן.
פנימ׳ער — בלאַס און פאַרזאָרגט — און שפּעטער אַביסל
האָבן די קלאַנגען פאַרשפּרייט זיך, ניט אויסגעלאָזט קיינעם.
גערעדט און זיך אָפּגעהאַקט, שטיל, מיט דערשראָקענע אויגן,
באַנומען די קלאַנגען, געזיפּצט, זיך צעגאַנגען פּאַמעלעך,
אַריינגעקוקט טיף, פול מיט חשד, אין די אויגן פון שכנ׳ישע גויים.
פלוצים זיינען די שטימען זייערע נידעריק געוואָרן,
ווי מורא באַקומען צו הערן דעם קלאַנג פון די אייגענע שטימען.
מ׳האַלט אין דערמאָנען די נאָענטע שטאָט, די אייזנבאַן־סקלאַדן,
מ׳רעדט פון קאַצאַפּעס וואָס אַרבעטן דאָרטן ביי די באַנען.
און אָט איז שטום אַלץ געוואָרן — אין הייזער, אין מאַרק, אין די גאַסן,
אַ שטילקייט וואָס קומט פאַר אַ שטורעם, וואָס רוקט זיך אַלץ נעענטער.
ס׳איז קלאָר יעדן איינעם, זיי וויסן שוין אויך פון דעם אַלעם —
קלאַנגען צעטראָגן זיך, קומען, מ׳דערציילט זיך פון מויל צום אויער,
ס׳געפינען זיך עדות, אַליין אַלץ געזען מיט די אויגן,
דערנאָך איז געקומען די צייטונג. פלוצים, אין איין אַ פרימאָרגן —
און די דינסט אונדזערע, די שיקסע, פאַרנעמט זיך אַהיים גאָר.

„פֿאַרוואָס, פֿאַרוועןְ?״ — אַזוי, פֿון דערהיים איר אָנגעזאָגט, נאָך נעכטן.
טרעפֿט מען אָן גויים באַקאַנטע — ווערן זיי תיכף נעלם,
לאָזן אַרונטער די אויגן; רעדסט צו זיי — שטאַמלען זיי עפּעס.
טרעפֿן זיך גויים אין גאַס — סוד'ען זיי זיך אין די רעדלעך,
גייט זיי אַ ייד פֿאַרביי — שווייגן זיי, ווינקען זיך איבער.

אויפֿגעהערט קונים צו קומען —אויסגערונען געוואָרן,
זיי דאַרפֿן שוין גאָרניט, ס'וועט קומען די צייט גאָר אינגיכן,
וועלן זיי נעמען אָן געלט גאָר אינגאַנצן... מ'קויפֿט נאָר עפּעס,
אָן וואָס מ'קען אויך דער רגע אין הויז ניט אויסקומען.
אַ ייד וויל פֿאַרפֿירן אַ שמועס מיט אַ גוי, אַ ידיד —
בעבעט ער עפּעס, וואָס ס'האָט ניט קיין טעם און קיין ריח.
איין אויג באַגעגנט נישט ס'צווייטע, דער וויל פֿון אויג אַרויסלייענען,
און יענער האַלט די אויגן אַרונטער פֿאַרביסן, מיט חוצפּה —
ביידע, סיי דער, און סיי יענער, באַנעמען די צוקונפֿט.
יידן, צווישן זיך, זיינען ליב און גוט, די הערצער דערנענטערט,
מ'איז צוגעקלעפּט איינער צום צווייטן, מ'האַלט זיך אָן עצה,
מ'רעדט שטיל, בפֿרט פֿאַר די קינדער אין די אויגן,
מ'היט זיך פֿאַר זיי מיט אַ וואָרט, מ'באַנעמט זיך מיט זיי מיט גרויס ליבשאַפֿט,
און מ'ווישט זיך בגנבה אַ טרער פֿון די אויגן.
די פּנים'ער — בלאַס, פֿאַרעלטערט געוואָרן, פּלוצים — געבויגן,
אַ טומל אין גאַס — ווערט מען בלייך, אַ הויך קול — פֿאַרציטערט.
שטיל אויך ביי אונדז אינעם הויז, די שרעק קומט פֿון איטלעך ווינקל,
אַ מורא אַ גרויסע, אַ שטילע, אַ קלאָגעדיקע אימה
ציטערט אין קול פֿונעם זיידן, וואָס זיפֿצט איבערן תהלים.
שטום איז דעם טאַטנס זמירות, אָפּגעהאַקט זיך ווי אויף אייביק:
ניטאָ זיין „אליהו הנביא״, ניטאָ זיין „אליהו התשבי״.
איינמאָל, ווען די קינדער זיינען געזעסן אויפֿן שוועל פֿון פֿענצטער,

אַרויסגעקוקט צום גאַס און צום ברייטן שאָסיי־וועג,
איז דורכגעפאָרן אַ וואָגן אָנגעזעצט מיט גויים —
האָבן זיי געוואָרפן צו די קינדער עפּעס מאָדנע דבורים
מיט חוצפּה און הירזשען; ניט אויפגעכאַפּט האָט מען די ווערטער,
נאָר ווען זיי האָבן פירן מיט דער האַנט איבערן האַלדז גענומען,
איינמאָל און נאָכאַמאָל — האָבן זיי אַרויפגעקוקט צו דער מאַמען
מיט גרויסע אויפגעריסענע אויגן, און זי האָט זיי פלינק אַוועקגענומען,
בלאַס געוואָרן, זיי געטוליעט צו זיך, און געוויינט שטילערהייט.

איינמאָל, שפּעט ביינאַכט, האָט מיך אויפגעוועקט דער טאַטע,
מיך אָנגעטאָן וואַרעם, מחמת די נאַכט איז געוועזן אַ קאַלטע,
מיך גענומען פאַרן האַנט, אין דער צווייטער — גענומען די לאַמטערן
און האָט מיך געפירט דורכן לאַנגן פינצטערן דורכגאַנג
צום שטאַל, וואו מיר האָבן געהאַלטן דאָס האָלץ און בהמות.
(די וואַנט פון דעם לאַנגן אויוון איז אין שטאַל אַריינגעקומען,
די פענצטער זיינען געווען פאַרמויערט מיט ציגל פאַר גנבים.)
אין שטאַל איז די גאַנצע משפּחה: פעטערס, מומעס, דער זיידע;
ס׳באַלייכטן די שטאַל צוויי לאַמטערנעס, ס׳ליכט ציטערט און צאַפּלט,
מאַכט שפּרינגען אויף די ווענט און אויפן הויכן באַלקן,
גראַטעסקע, משונה׳דיקע שאָטנס פון מענטשן און כלים,
שאָטן אין שאָטן פאַרפלעכט זיך אין ווילדן געפלאָנטער,
איין שאָטן ציט אויס זיך — פאַרשלינגט ער אַן אבר פון צווייטן.
מיר שטייען ביי אַ טיפער און פריש־אויסגעגראָבענער גרוב, —
דעם פעטער׳ס יינגלעך גראָבן שטייענדיק אויף די טרעפּלעך
פון שמאָלן אַראָפּגעלאָזטן לייטער. עס שטייט אַ בלעכן קעסטל,
אַ קעסטל פון צוקערלעך, פאַרהאַקט און אַריבערגעבונדן מיט שטריקלעך;
אַז די יינגלעך זיינען אַרויפגעקומען, האָט מען אַ קייט גענומען,
אַראָפּגעלאָזט ס׳קעסטל אין גרוב — און דער זיידע האָט געזאָגט:

„קינדערלעך טייערע, זעט און געדענקט, אויב גאָט וועט זוועט באַשערן אייך לעבן,
„וועט איר אין דעם קעסטל געפינען אַלצדינג וואָס מיר האָבן:
„זילבער און צירונג און גאָלד, פֿאַרגעסט ניט, אין מזרח׳דיק ווינקל,
„אין ווינקל, אין שטאַל פֿון געהילץ, אין מזרח׳דיק ווינקל״...
און דער פֿעטער און די יינגלעך האָבן די גרוב פֿאַרשאָטן,
נאָכדעם האָבן זיי קיאישע מיסט אויף דער גרוב אָנגעוואָרפֿן
אַזוי, אַז ס׳איז גאָרניט ניט, גאָרניט געווען צו דערקענען.
כ׳געדענק ניט אַצינד, ווי און ווען מיר האָבן די שטאַל פֿאַרלאָזן,
רגע׳ס האָבן זיך געצויגן ווי טעג, און די טעג — לאַנג, ווי יאָרן,
ס׳זיינען מקויים געוואָרן אויף אונדז די רייד פֿון דער הייליקער תורה:
„אינדערפֿרי, וועסטו זאָגן, ווען קומט שוין דער אָוונט, און אָוונטס —
ווען וועט שוין קומען פֿרימאָרגן?״ — אַ קלאַנג האָט זיך צעטראָגן:
זיי האָבן באַשטימט שוין די שעה און דעם טאָג דעם גענויעם:
מאָנטיק, אויף מאָרגן נאָך פּאַסכאַ. און מיר זיינען אויף טויט פֿאַרפֿייניקט,
און די מאַמע האָט זיך אויפֿגעכאַפּט און גענומען שרייען:
„איך קען שוין ניט מערער... זאָלן די רוצחים שוין קומען, שוין קומען,
„זאָלן זיי קומען מיך קוילן, מיך שחט׳ן מיט אַ טעמפּן מעסער,
„מיך רייסן אין שטיקער — אָבער, די קינדער, די עופֿה׳לעך?...
„איך קען שוין ניט מערער... לאָמיר אין שטאָט אַנטלויפֿן,
„לאָמיר אין דייטשער קאָלאָניע״... און דער זיידע האָט געזאָגט:
„קיין חיה ניטאָ אויף דער וועלט, וואָס האָט קיין רחמנות אויף קינדער״.
און דער טאַטע האָט זיך אַרויסגעשלייכט פֿון טיר יענעם אָוונט
מיטן שטאַנג פֿון דער וואָגשאָל אין האַנט — איז צוריקגעקומען
מיט זאַכן אַ פּעקל אין זאַק. די מאַמע איז אויף דעם אַרויפֿגעפֿאַלן,
האָט אויסגעטאָן די קינדער און זיי צוריק אָנגעטאָן
אין פֿויערשע זאַכן, אַליין זיך אָנגעקליידט אין פֿויערשע קליידלעך;
און תיכף נאָך דעם איז דער וואַסערטרעגער פֿאָנאַס געקומען,
אָנגעקלאַפּט אויפֿן פֿענצטער, און די מאַמע איז אַרויס מיט די קינדער,

אַריינגעוואָרפֿן זיך אין קלאָרער נאַכט אַריין. דער טאַטע
איז געבליבן מיטן אייזערנעם שטאַנג, מיט דער האַק — דער זיידע.

און דער זיידע איז געגאַנגען און אַריינגעבראַכט אין שטוב די מצה,
דערנאָך געגאַנגען אַליין ביזקל סוף פונעם דאָרף, אַרויסגעצויגן
וואַסער אין אַ נייעם עמער... און זיך געזעצט אָפּריכטן סדר
אין ווייסן קיטל, אויף אַ קישן פון גענדזענע פעדערן.
אַ מנין זקנים איז צונויפגעקומען אין בית־מדרש דאַוונען —
און אויף מאָרגן, נאָך דער יום־טוב׳דיקער סעודה מיט די קניידלעך,
איז דער זיידע אַרויס אין שטאַל און אויפגעזוכט אַ ברעטל
און עס צוגעשפּאַרט צום וואַנט פון פירהויז. און דער זיידע איז געגאַנגען
האָט אויפגעזוכט דעם זאַק מיט די נייע וועלשענע ניס,
פולע הויפנס ניס גענומען, און צוריק אינעם פירהויז,
זיך געשטעלט שפּילן אין ניס, ווי עס טוען די קינדער;
ס׳קלאַפּן די ניס און גראַגערן, קאָלערן אַרונטער פון ברעטל,
און לייגן זיך אויס אַרום ברעטל אויף דער ריינער פּאָדלאָגע;
און ס׳פאַלן אים טרערן פון די אויגן, פאַלן אַראָפּ אויפן ברעטל,
און ס׳מישן זיך אויס ביי אים דענסמאָל די ניס מיט די טרערן.
און דער זיידע שפּילט און זאָגט: „פונוועגן די יידישע קינדערלעך,
„קינדער פון כשר׳ע מאַמעס! פונוועגן די הייליקע שעפעלעך;
„ניט דערלעבן זאָלן שונאי־ישראל, וועלן קיינמאָל ניט דערלעבן,
צו זען אַ יידיש הויז, וואו ס׳ווערט ניט אָפּגעריכט קיין סדר,
וואו קינדער זאָלן יום־טוב ניט שפּילן אין ניס מתוך שמחה.“

און אויף מאָרגן נאָך פּאַסכאַ, באַלד נאָכן גלח׳ס תפלות,
ווען אַלע גלעקער זיינען פאַר שמחה זיך פאַרגאַנגען —
זיינען זיי פּלוצים געוואָרן אַנטשוויגן... אַ רגע שפּעטער —
האָבן די גרויסע גלעקער גענומען קלינגען, אַלאַרמירן,

גערופֿן זיך פֿאַרזאַמלען . . און הראַמאַדע איז צונויפֿגעלאָפֿן
צו די טרעפּ פֿון פֿאַליש פֿון קלויסטער, געפּאַקט מיט מענטשן.
ס'זיינען אויסגעוואָקסן יונגען אין קאָמפּאַניעס, מיט געשריי און ליאַרעם
צווישן דעם צעשטורעמטן המון, געטאַנצט און געשפּרונגען משונה:
„שלאָגט די זשידעס, שלאָגט די זשידעס!" — דער המון ווערט אַלץ גרעסער,
געקומען די שעה, מ'וואַרט נאָר אויף אַ צייכן אָנצוהויבן.
און אָט האָט די טיר זיך געעפֿנט, די מיטעלע טיר פֿונעם קלויסטער,
און דער גלח וואַסיל איז אַרויסגעקומען, דער אמת'ער שונא־ישראל,
ער, מיט די הייליקע בילדער, מיט צלמים, שפּריצערס, ווייְרוך־ברענערס,
אַרויס אין די הייליקע בגדים, מיטן גרויסן צלם אין האַנט,
גערעדט, וואָס ער האָט גערעדט, און באַשוואוירן דעם עולם —
און ס'פֿאָלק האָט אָנגעהויבן זיך פֿאַנאַנדערגיין אויף אַלע זייטן,
יעדער איינער צו זיך... בלויז די לאָבוזן האָבן אויסגעלאָזט די רציחה
מיט שטיינער אין יידישע פֿענצטער, ניט געבליבן קיין גאַנצער פֿענצטער.
דערנאָך האָט דאָס דאָרף זיך באַרואיקט.
און די טעג זיינען אַוועק ווי פֿריער —
די גבירים זיינען צוריקגעקומען פֿון די דייטשע קאָלאָניעס,
און די מאַמע איז געקומען אַהיים. פֿאַנאַס האָט זיין שכר באַקומען.
און אַזוי האָט דער זיידע געזאָגט: נאָר ניט פֿאַרצווייפֿלט!
ווייל דער וואָס האָט פּסח באַשאַפֿן, האָט אַוודאי באַשאַפֿן
אויך דעם וואָס זאָל אָפּהיטן פּסח — אויב מיר ניט, ווער דען זשע?
וואַנקע וועט מאַכן פּסח אויף געסמאַליעטע חזרים'לעך?
צי גאָר אַ פּראַנצויז אויף נבלות פֿון געבראָטענע האָזן,
דעם ריכטיקן כשר'ן פּסח, „אויף מצות און ביטערע קרייטעכער"?
דער וואָס'ט באַשאַפֿן דעם פּסח וועט היטן דעם היטער פֿון פּסח,
פּסח — איז פּסח פֿאַר דורות, און מיר זיינען אַן אומה פֿאַר דורות —
נאָר נישט פֿאַרצווייפֿלט!

# אלי
## (פראַגמענט פון אַ פּאָעמע)

ברודער, זאָג וואָס דו ווילסט, ס'איז נאָך גבורה פאַראַנען אין יעקב'ן,
מוסקלען און בלוט אין ישראל — ברייטביינערדיק, ברוסטיק און פלייציק.

פאַראַן נאָך אין גלות, אויף ברעגעס געבענטשטע פון דניעסטער,
צווישן די וויינטרויבן־גערטנער, וואָס שפּרייטן אַקעגן דער זון זיך
אין דער בעסאַראַבישער ברייטקייט, מיט קעז און מיט מילכיקס באַלאָדן;
פאַראַן אין פאַרוואָרפענע דערפער און סטעפּעס פון צפון־טאַווריע,
ווייט פון דעם ברייטן שאָסיי וואָס לויפט צווישן סטאָלבעס געשטרייפטע,
ווי דאָס געזאַנג פון די מוטנע, די האַסטיקע שטראָמען פון פרילינג,
יענע אַמאָליקע פונקען פון גבורה, פאַרגעסענע, —
דאָרט קומען זיי אויף און זיי שפּאַרן אַרויס, ווי דער ווידערוואָוקס,
אַזוי ווי אַ זאַנג פון דער ווייץ פון דער גוטער, קומט אויף אויף אַ בערגל,
פאַרדעקט מיט אַ דעקע פון ווילדע, פון שטעכיקע גרעזער —
אַ שווערע, אַן איינציקע זאַנג, וואָס גאָט'ס האַנט האָט פאַרזייט דאָרט;
קיין מענטש האָט אויף דעם ניט געמיט זיך, קיין קערנער געשאָטן, —
אַזוי ווי די דאָזיקע זאַנג איז געוועזן אויך דאָס יינגל אלי,
וויבאַלד כ'האָב אַן אים זיך דערמאָנט, וועל איך ווייטער דערציילן.

אין איינעם אַ דאָרף אין צפון־טאַווריע, גאָר נאָענט שוין דאָרטן
וואו אַמאָל איז דער „גרויסער וועג" קיין מאָסקאָוויע געלאָפן,

שניידט דורך זיך דורכן „ווילדן פעלד“, וואו קרימער פערד און סטאַדעס
געצוימט פון טאָטערן און איינגעבראָכן האָבן געטראָטן —
די ווילדע רייטער, באַנדעס פון פאַרשפּעטיקטע טשומאַקעס.
ווייט פון אָרעמס דניעפּערשע, וואָס שליסן איין גאַנצע איפּאַרכיעס,
אין ליימענע הייזקעס פאַרזונקען, מיט גרויע מיט שטרויענע דעכער
פאַרטאָן אין דער הייליקער אַרבעט: אין פעטן שוואַרצערדיקן אַקערן,
אין פריידיקן ערליכן זייהען, פּילשווייסיקן שניט און געזאַנגען.
געלעבט האָט אין דאָזיקן דאָרף אַ פּקח אַ ייד — יחיאל,
יחיאל דער וואָכיקער, „בודיאָני“, אויפן פויערשן לשון,
מחמת ער האָט געמאַכט וואָך פון זיין שבת, געהאַנדלט אום שבת.
אַז יחיאל איז געשטאָרבן — זיינען צוויי זין נאָך אים געבליבן,
די יורשים, די „כיעלטשוקעס“. וועט איר פרעגן, וואָס איז די נפקא־מינה?
געבליבן צוויי יידן — און גרויס איז דאָס דאָרף, אַ כרך ממש?
איז הויבט זיך ניט אָן. אמת, צוויי יידן, צוויי לייבליכע ברידער,
איינעמס פאַמיליע־נאָמען: פּינטשוק, און דעם צווייטנס: ליטינסקי.
נו וואָס, ניט קיין וואונדער? — לאו דווקא! — צוויי יידן, צוויי ברידער,
האָבן באַזונדערע נעמען? וואָס איז דאָ דער וואונדער? אַ וואונדער איז,
וואָס זיי האָבן צוויי נעמען, צוויי און ניט דריי, אַ סגולה
אַקעגן דער גזירה פון דינען דעם קיסר. ס׳א מעשה אַן אַלטע.
די צוויי קרעמער — האַלטן די קראָמען ביי זיך אין די הייזער —
שטייען די הייזער אין זעלביקער שכונה, גאָר נאָענט
צום מאַרק און יאַריד, שטוב קעגן שטוב, ווי אין שפּיגל.
ביים לעבן יחיאל׳ס זיינען די ברידער געווען אין שותפות,
ביידע געהאַלטן איין קראָם, געהאַט נאָר באַזונדערע דירות;
באַלד נאָך זיין טויט אָבער איז דער קנופּ צעפאַלן געוואָרן
און ס׳האָט זיך צעפלאַקערט אַ שנאה, אַ כעס און אַ צאָרן —
דער שלעפּט אַ קונה צו זיך און דער צווייטער אין קראָם אַנטקעגן.
ס׳האָט טאַנצן גענומען דער שד צווישן זיי... און סבות, פּריטשעפּעס,

זיינען תמיד פֿאַראַנען געגוג ווען מ׳זוכט זיי חס־וחלילה.
זיי האָבן ברוך־השם אַ ירושה, אַ קראָם און זאַכן,
חובות און משפּחה־קריגערייען און „ווייבערשע עסקים״:
למשל, אַ קאַץ איז פֿאַרקראָכן אין שוועגערינ׳ס קעלער
אַ טעפּל מיט סמעטענע איבערגעקערט און ס׳טעפּל צעבראָכן;
אַ הון האָט פֿאַרגלוסט זיך צו לעגן אַן עי ביי דער צווייטער אין שפּייכלער,
און גיט איבערן גאַנצן הויף צו וויסן מכּח דאָס ניי־געבורט;
אַ גאַנז מיט פּיסקליאַטעס און גאָנער, אַ מסוכּנ׳ער כּעסן,
דרינגען אַריין דורך אַן אויפֿברויך אין צווייטערס גאָרטן,
ריהען זיך, טראַמפּלען און פּליקן די שפּיצן פֿון גרינצייג,
און ס׳קערט זיך אַ וועלט. דערצו נאָך מלחמות פֿון קינדער,
וואָס שלאָגן און דראַפּען איינס ס׳אַנדערע — און אַזוי ווייטער.
נאָר אַלץ ביז אַ צייט: אויף דער ירושה גורל געוואָרפֿן,
קונדן האָבן אָפּגעצאָלט חובות; די קינדער אויסגעוואַקסן,
נעמען זיך אָן פֿאַר די טאַטעס קריוודעס — מ׳רעדט נישט.
מ׳האָט זיך צעטיילט מיט די זאַכן, אַפֿילו מיט די פּסח׳דיקע כּלים,
מ׳האָט זיך צעטיילט מיט די קונים, יעדער מיט זיינע „גויים״.
געבליבן איין זאַך בלויז, וואָס מ׳האָט ניט געקענט זיך צעטיילן:
דער דאָזיקער יחיאל האָט געלאָזן אַ מזרח־שטאָט אין בית־מדרש —
אַ פּעלז פֿון מחלוקה ביי זיי.. די גאַנצע „פּני״ פֿון דער קהלה
האָט זיך אַריינגעלעגט דאָס אויסצוגלייכן — און ניט באַוויזן.
איינער, דער בכור, האָט געטענה׳ט: ער איז בכור, די שטאָט איז זיינע,
טרעסטשעט דער צווייטער: אין זיין הויז איז דער טאַטע געשטאָרבן
און ער האָט זיך מתעסק געווען מיט זיין קבורה.
וואָלט נאָך די שטאָט געווען אין מיטן פֿון מזרח־באַנק —
וואָלט זיין אַ האַלבע צרה — איז דאָס אָבער ביים סאַמע ארון־קודש.
(יחיאל איז געזעסן פֿון איין זייט און דער רב פֿון דער אַנדערער)
אינדערוואָכן איז געווען ביי אונדז אַ מנין פֿון זקנים,

יידן, וואָס טוען שוין גאָרנישט, דער רב, חזן און שמש
און נאָך אַ פּאָר יידן וואָס וואוינען גאָר נאָענט צום בית־מדרש —
אָבער שבת און יום־טוב פעדערן זיך די צוויי ברידער.
ביידע וואוינען אין אייגענער גאַס, שטוב קעגן שטוב, ווי געזאָגט שוין,
פענצטער אַקעגן אַ פענצטער — קומט איינער אַרויס, קומט דער צווייטער.
שטייען די קינדער ביים טיר, צו היטן דעם פעטער׳ס פוסטריט.
שכנים — ממש זיי פּלאַצן פון לאַכן דערזעענדיק ביידן:
קומט איינער אַרויס, שפּרינגט דער צווייטער אַרויס תיכף נאָך אים,
ביידע שטעלן זיי לאַנגע טריט, שפּרייזן, מאַכן זיך כלומרשט
זיי שפּאַנען געלאַסן צום דאַווענען, זעען ניט כלומרשט
איינער דעם צווייטן פאַר ד׳אויגן... לויפן — איז אַ מיאוסע מדה
פאַר יוסטע באַלעבאַטים, פאַר יידן מיט בערד און מיט פאות.
מיישב געווען זיך, גייען זיי הינטן־אַרום איבער פלויטן און גערטנער,
— גנב׳ען אַדורך זיך דורך הויפן, מ׳זאָל זייער גאַנג ניט באַמערקן.
פינטשוק קומט אַריין אין בית־מדרש — זיצט אויפן פּלאַץ שוין ליטינסקי,
יענעמס אויגן שמעלצן זיך פאַר נחת, זעצט זיך דער ברודער וואו ס׳מאַכט זיך.
טרעפט, אַז ליטינסקי קליגט זיך, קריכט איבער פלויטן און גערטנער
און פינטשוק גיין גראַד מיט דער גאַס און קומט אָן דער ערשטער.
ס׳איז אַ לייטיש געלעכטער און גאָר — אַן עכטע קאָמעדיע!
שבת — אַלע מתפללים זיצן שוין, וואַרטן אויף די ברידער,
ווער וועט פאַרכאַפּן דאָס פּלאַץ? ווער בלייבט מיט אַ נאָז מיט אַ לאַנגער?
האָט איינער געקליגט זיך, געקומען „כלחוך" אין בית־מדרש —
האָט דער צווייטער זיך איבערגעשעפּטשעט מיט פאַליק דעם שמש,
אויפן צווייטן שבת געעפנט ס׳בית־מדרש אום פינעף.
שטייען די קינדער און היטן, געהיט און ניט איינגעהיט —
לאָזט זיך דער צווייטער, אַ שפּראַץ קוים אויף טאָג, אין איילעניש:
דער ברודער ניטאָ? ס׳האַרץ זאָגט אים שלעכטע נביאות.
קומט צו — ס׳הויז איז אָפן און פינצטער ווערט אים פאַר די אויגן.

ס׳כאַפּן די קינדער אומזיסטע קלעפּ — שוואַרצע, פאַרשטערטע שבתים,
איין שבת — דעם ברודערס קינדער, אויפן צווייטן דעם אַנדערנס.

דאָס אַלץ דורך שבתים — אָבער יום־טוב וועט קיינער ניט נאָכגעבן,
סיי דער איז געקומען אַפריער, סיי יענער — קיין חילוק.
ביידע זיצן אויפן פּלאַץ, איינער לעבן דעם אַנדערן,
דער האַלט דעם קאָפּ אויף רעכטס, אויף לינקס דער צווייטער —
ווי דער צווייקעפּיקער אָדלער אויפן קיסר׳ס מטבע:
פּלייצע אַקעגן פּלייצע און אויגן וואָס שפּריצן מיט שנאה.

פליען די טעג און די יאָרן. וואָס מאַכן די קינדער? זיי וואַקסן.
געבענטשט איז מיט טעכטער פינטשוק, ניט קיין איינציקער „קדיש" —
וואַקסן זעקס כלות אין שטוב — און זעקס „בנים" ביים ברודער.
איינער פון זיי איז דער אלי, אַ בחור אַריבער שוין צוואַנציק,
וואָס שטייט אין שידוכים, מ׳וואַרט נאָר „עד יעבר זעם",
ווען ער וועט אַרויס אַ באַפרייטער פון דינען דעם קיסר.
דער אלי — ברייטפּלייציק, מיט אייזערנעם קאַרק און נאַקן,
קורצפיסיק, דערפאַר אָבער אייזן, טרעטן ממשות׳דיק,
שטייען זיי — איז ווי זיי וואָלטן אין דר׳ערד אַריינגעוואַקסן.
אַ מראה פון אַ יונגן בער, נאָך נישט אינגאַנצן דערוואַקסן,
נאָך נישט דערגרייכט זיין פולן וואוקס און גבורה.
גאָט׳ס ברכה איז געלעגן אויף זיין ברוינער האַנט — אַן אָפּצווענגע
וואָס טוט אַ נעם אַ פּאַדקאָווע — און זי לאָזט זיך בויגן.
זיין מלאכה — שמידעריי, צווישן בלאָזזאַק און קאָוואַדלע,
געשטאַנען און געאַרבעט פון באַגינען ביז שפּעטנאָוונט.
געשמידט רייפן און לאָמען, פּאַדקאָוועס, אָכנאַליעס,
היי־גאָפּלען און אַנקערס אַרויסצוקריגן אַ דערטרונקעם עמער.
לעבן דער קופּע שטיינקוילן, פלעקער אין דער ערד אַריינגעשלאָגן.
איינצושליסן ס׳פערד בשעת שמידן; נעמט ער אין די הענט אַריין

דעם פוס פון סאַמע היציקסטן ווידערשפּעניקסטן פערדל —
וואַרפט יענער זיין שיין אויג אויף אים — און לאָזט זיך שמידן.

און דאָס דאָ האָב איך שוין דערציילט: אין הויז פון זיין פעטער
געווען זיינען מיידלעך: זעקס לייוונט־העמדער פול מיט מיידל,
געשפּאַרט פון די קורצע זשאַקעטן: גאַנצע זעקס כלות.
חנ׳קע, די עלטסטע, איז שוין געשטאַנען אין שדוכים,
געוואַרט, אַז איר חתן זאָל קומען. דער חתן דאַרף קומען
נאָך היינט אויף דער נאַכט. קען זיין, ער וועט ערשט קומען מאָרגן,
אפשר וועט ער נעכטיקן אין וועג, ווי ס׳וועט אים אויסקומען.
די ברידער זיינען טאַקע שונאים, אָבער ווייסן זיי
אַלץ וואָס ס׳פּאַרקאַלאָטשעט זיך אין צווייטנס טעפּל —
ניטאָ קיין סודות אויפן דאָרף צווישן שכנים.
די קינדער אויך, זיי טוען נאָך די מעשים פון די טאַטעס:
דערגייען איינס דאָס אַנדערע די יאָרן, טוען אָפּ שפּיצלעך, —
געוואוסט, אַז די כלה דערוואַרט היינט ביינאַכט דעם חתן.

ס׳נעמט אָוונטן. ס׳ווערט שפּעט אין דער נאַכט און ניטאָ נאָך דער חתן.
טראַכט מען: ער וועט שוין ניט קומען היינט, וועט קומען שוין מאָרגן,
איז יעדער איינער אַוועק אין זיין ווינקל, געלעגט זיך שלאָפן.
פּאַרלאָשן דעם לאָמפּ — און באַלד האָט דערהערט זיך אַ כראָפּן —
אַ דאָרפיש האַלבנאַכטיקע שטילקייט און פינצטערניש.
און פּלוצים דערהערט זיך פונווייטן אַ קלאַפּן פון פּאָדקאָוועס
פון זאַמדיקן וועג מיט וועלכן דער חתן דאַרף אָנקומען.
ס׳איז פינצטער אין שטוב און דאָס קלאַפּן קומט נענטער און נענטער —
ניט אַנדערש, דער חתן! וואָרן ווער דען, אויב ניט דער חתן?
אַלע פויערים פון אַרום — קיינער האָט זיין שטוב ניט פאַרלאָזן,
אַ פויער וועט אַהיים אין שפּעטער ביינאַכטיקער שעה ניט קומען,
ער לאָזט ניט אין וועג זיך ביינאַכט, ניט אַנדערש: דער חתן!

דער חתן קומט, דער חתן! האָט צעזונגען זיך ס׳קליינוואַרג,
וואָס ביי די גרויסע אויפן לונג — אויף דער צונג פון די קליינע —
אַרויסגעכאַפּט פון האַרצן די ווערטער — אַוודאי, דער חתן!

פון בעט שפּרינגט די כלה, פאַרווירט צווישן זאַק און קעמל,
שטייט אין איר קורצן זשאַקעטל און קען ניט פאַרשפּיליען די קנעפּלעך,
ס׳קריכט ניט דאָס קנעפּל אין לעכל, ס׳טרעפט ניט דאָס העקל אין אויגל;
די מחותנת׳טע לויפט אויפן גאַניק, פאַרגעסן דאָס יאַקל,
צעפּלאָשעט, צעטומלט, אין בלויזן העמד און אונטערקליידל.
שפּרינגט דער מחותן צום לאָמפּ און געפינט ניט די שוועבעלעך:
וואו זיינען די שוועבעלעך? און קריגט ניט קיין ענטפער.
פּלאָנטערט ער זיך אין די גאַטיעס וואָס פאַלן איבער קאַלאָשן.
קומען אַלץ נעענטער... אָט־אָט וועט דער וואָגן פאַרביילויפן
די שטאַל ביי דעם ווינקל פון גאַס... און ס׳שטייט די משפּחה
ס׳קלאַפּן די פּאָדקאָוועס... אָט... און אָט איז אַרויסגעשפּרונגען
פון הינטער דעם שטעלכל... געקומען... אלי, אויף צוויי קורצע פיס זיינע,
קלאַפּט ער און טופּעט אָן דר׳ערד ווי אַ פּאָר פערד אויף אַכטן.
ער, ניט קיין אַנדערער — אַזוי האָט ער אָפּגענאַרט זיין פעטער דעם קפדן.

און אויב ס׳איז נאָך ווייניק — האָט ער פאַרבייגעשפּאַנט די וואַרטער,
ס׳טאַרטשעט אויס זיין מעכטיקע ברוסט, זיין שטאַרק האַלדז אויסגעצויגן,
דער קאָפּ איז אַרונטערגעלאָזט צו דער ברוסט, אַזוי קרומלעך,
קוקט אויף זיין פעטער זייטיק מיט אַ שיקלדיק אויגל,
און הירזשעט אַ לוסטיק הירזשען, פאַרטויבט נאָר צו ווערן,
דאָס הירזשען פון אַ קליאַטשע אַ יונגער, וואָס ענטפערט דעם אָגער.

אַזוי דרעמלען נאָך כוחות און רעשטן פון אַמאָליקער גבורה,
דער געטלעכער גייסט אין זיי, דאָס פּינטעלע ייד ליגט און דרימלט,

גענגליכן צום דימענט דעם גוטן וואָס ליגט אין דער הרודע;
גענגליכן צום קערן פון האָבער וואָס ליגט אין זיין שיידל,
ביז די גרויסע שעה קלאַפּט זיך אָן און ס׳געטליכע קול טוט אים רופן,
באַרירט אים מיט פינגער פון ברכה און וועקט אויף פאַרהוילענע וואונדער,
פאַרבויגט ער די פלייצע די ברייטע און הויבט אויף די משא,
די הייליקע משא די שווערע, די לאַסט פון דער הייליקער שכינה,
צו טראָגן פון ים ביזקל ים און פון דור ביזקל דור —
אמן סלה!

י. י. שוואַרץ

# אַ מעשה מיט מרדכי׳ן און יוכים׳ען

אַ מעשה מיט מרדכי און יוכים וואָס זיינען געזעסן אין סוכה,
געלאָזט מיטן יום־טוב זיך וואוילגיין, גאָר איבער די כוחות,
זיינען לצים געקומען און אין מאַרק זיי אַרויסגעטריבן
און ס׳איז געשען מיט זיי די מעשה פון „בראשית״ און „נח״.

„פונוואַנען דרינגען מיר, אַז ווייבער זיינען אָנשיקענישן
„און סתם אַ מיידל איז פיין?״ — האָט יוכים־קאָריטע
זיך געבראָכן דעם מוח איבער דער דאָזיקער פראַגע,
געפיקט אים אין קאָפּ, ווי טיטוס׳עס מוק אין זיין צייט.
און ווער האָט געפרעסט אויף זיין זיבען? זיין פלונית דאָמאַכע
אַ ווייב מיט אַ פויסט און מיט נעגל אין טאָג פון זיין שכרות.
גאָר שכור איז ער ניט געווען דאַן, נאָר שטאַרק בגלופין —
איז דער ענטפער פון דאָזיקער פראַגע דעריבער
געבליבן פאַרהוילן פאַר אים, ניטאָ קיין באַשייד צו דער פראַגע.
גייט ער פאַרטיפט אין דעם ענין, טענה׳ט צו פלעקער און שטיינער,
צום איינגעפאַלענעם פלויט, צום ברונים וואָס קומט אים אַנטקעגן,
און קען צו קיין טאָלק ניט דערגיין. נאָך עפּעס איז שווער אים באַנעמען:
זיין וועג פון דער שיינקשטוב ביז דאַנען. דער וועג איז פאַרפלאָנטערט,
ער האָלט אין איין גיין זינט פרימאָרגן — און אַלץ ניט דערגאַנגען,
און ס׳איז דאָך געווינטלעך דער וועג אַזאַ גלייכער און גראַדער.
אַצינד איז דער וועג גאָר פאַרביטן, פול גריבער און הרודעס,

מיט בערגלעך און בערג און מיט טאָלן פאַרזייט אויף צו שטרויכלען.
ער שפּאַנט, דוכט זיך, גראַד אין פאָרויס און דער וועג לויפט צוריקוועגס,
קערט זיך אויף רעכטס און דער וועג טוט אויף לינקס אים פאַרפירן;
פאַלט פלוצים אַרויס גאָר פון אונטער די טראָגנגעשמירטע שטיוול,
אָט האַלט ער אין פאַלן און וועט דאָס געניק זיך צעברעכן;
אָט שטעלט זיך גאָר „דיבאָם" דער וועג און פלאָנטערט די פיס אים,
זיי שפּאַנען אין זיג־זאַג, אַ גאַנג פון אַ האָז אין אַ שנייפעלד;
עס שטערן זיין גאַנג אים די האַרבסטיקעביימער אין גאַסן,
אַ טויער פון הויף און די פלעקער פון פלויטן, די הייזער —
ער שעלט מיט באַנומענע קללות אין מאַמע׳ס מאַמע,
אין דריטן און פערטן דור אַריין, שפּאָרט ניט קיין ווערטער:
„אַ בראָך אין די מאַמעס אַריין פון די דאָזיקע טפשים,
„וואָס שטעקן אָן פלעקער און דרענגער, שפּאַרן אַ שטוב צו אַ שטוב אָן,
„אַז ס׳בלייבט פאַרן ערלעכן מענטשן קיין פלאַץ ניט אַדורכגיין".
אַ שאָד נאָר, אַ שאָד, אויף די דאָזיקע פיינע דבורים,
איבערגעשלאָגן אינמיטן דורך הינט פון קצב׳ישן געסל.
ס׳באַפאַלן די הינט אים פון אַלע פיר זייטן מיט חוצפּה,
האַווקען און בילן, יעטווידער הונט אויף זיין שטייגער —
שטייט זיך יוכים אויף זיין פלאַץ, קוקט זיי אָן און באַטראַכט זיי,
קוועלט אָן, מחמת זיי זיינען פעטלייביק, מיט פיסקעס געזונטע —
נאָר ביסלעכווייז פאַלן זיי אָפּ, טרעטן צוריק אין די הייפן;
נאָר איינס דאָרט אַ הינטל צעגיסט זיך, צעררייסט זיך אין בילן.
שמועסט יוכים זיך פאַנאַנדער מיט אים, רעדט צו אים: „קליינטשיקס,
„ביסט נאָך אַ זויגלינג געווען ביי דיין מאַמען דער כלב׳טע,
„האָב איך שוין געקענט דיך — ווי רופט מען דיך, זאָג מיר, דו קליינטשיקס,
„בוקעט, צי קאַשטאַנע? אַוודאי קאַשטאַנע, טאַ־זאָג נאָר,
„וואָס מאַכסטו דאָ אָן אַזאַ ליאַרעם, ביסטו ניט בוקעט גאָר?
„אָט גיי איך מיך אָנפרעגן טאַקע ביי די באַלעבאַטים?"

ס׳הינטל הערט אויס און טרעט אָפּ באַלד, אַרויסגעשטעלט ס׳צינגל,
לייגט זיך און פּאַכט מיט די זייטן, דער זון אַנטקעגן.

אַ משונה געפלאָנטער פון צייט האָט זיין צער נאָך פאַרגרעסערט:
אייערנעכטן איז אים אויפגעקומען נעכטיקע זון, און נעכטן
איז די היינטיקע זון אים פאַרגאַנגען; היינט איז אים אויפגעקומען
די מאָרגעדיקע זון; די זון אין זעניט פונעם הימל
לויכט און איז גוט צו מענטשן. שטייט איבערן לאַנד דער סוף־זומער,
ניט אויסגעליידיקט פון גוטס נאָך. אַ הייסע זון וואַרעמט —
נאָר מילד איז זי, צניעותדיק, צאַרט. ס׳שוועבט איבער דער לאַנדשאַפט
דער חן פון אַ גוסס׳ער שיינקייט; ס׳שפּרייט זיך אַ ביינקשאַפט
אין האַרבסטיקעביימער, אין גרינקייט וואָס טונקלט,
אין פאַלנדיק גאָלד פון די זילבער־בעריאָזעס, אין הענגלעך
פון ווייסע אַקאַציעס, וואָס קלייבן זיך ווידער צו בליען.
שפּירט שוין די האַרבסטיקע ערד, אַז די זון ווערט נסתלק,
ווערט קילער, און אין ריס פון די ליבשאַפט קניפּ, וואָס פאַרבינדט זיי,
שטריקט זי, שפּרייט נעצן, זי פאַנגען מיט גילדערנע פעדים,
שיקט אירע פעדים אַרויס און שפּרייט אויפן ווינט זיי —
שוועבט, מיינע גילדערנע פעדים, פעדים איר צאַרטע פון ליבע,
געפינט מיין געליבטע, פאַרקניפּט זי צום טרויעריק־פאַריתומטן האַרצן.

די זון שטייט שוין הויך אינעם הימל, יוכים פלאָנטערט אַלץ זיך —
קומען אַקעגן אים אידן, גייען אַהיים פון בית־מדרש,
ס׳קליינוואַרג שלעפּט נאָך זיך אָן זייערע מאַמעס קליידער,
שבת־יום־טובדיקע קליידער, און פלינקע חדר־אינגלעך
טראָגן די שווערע „קרבן־מנחה׳ס" און טאַטעס טלית־זעקלעך,
מיט איין האַנט אין קעשענע, טאַפּן די ניס און גראַגערן.
גייען זיך אידן פּאַמעלעך, שטעלן געמאָסטענע טריטלעך,
ציען זיך נאָך נאָך די ווייבער פאַרטאָן אין אַ שמועס,

אַלע אינאײנעם און ענטפערן אַלע צוזאַמען.
„קושצי ביי אידן״ — דערטראַכט זיך יוכים לאחר מעשה:
„זאָל זיי גוטליב זײַן דער יום־טוב, באַלד וועט דער יום־טוב אַריבער.
„אַלצדינג פאַרגייט ווי אַ יום־טוב, אַזוי פאַרגייט ס׳לעבן״.
טראַכט טרויעריק זײַנע מחשבות אין „וועלטשמערץ״ פאַרטראָגן.
ביז ס׳האָבן די שטיוול געבראַכט אים צוטראָגן בשלום
ביי ר׳ מרדכי פּאַלאַז אויפן הויף, זיך האַרט אָנגעשלאָגן
אָן ווענטל פון סוכה; פאַר׳עקשנ׳טער שטיין דאָרט געבליבן:
ניט רירן זיך וועט ער פון פּלאַץ, זאָל יענער אַ וועג פאַר אים מאַכן!
די סוכה ר׳ מרדכי׳ס איז אַזש אויפגעטרייסלט געוואָרן,
פון סכך — אויפן טיש, אויף דער ערד, האָט מיט פּירות גערעגנט.
איז מרדכי געוואָרן טשיקאַווע צו וויסן: פונוואַנען
עס נעמט זיך די דאָזיקע גרויסע בהלה? האָט מרדכי
געפרעגט זיך ביים ווייב, דאָס ווייב האָט געשיקט נאָך דער דינסטמויד,
די מויד האָט גערופן דעם יונג, דער יונג האָט געשריען צום אינגל,
ביז ר׳ מרדכי׳ס געדולד האָט געפּלאַצט, געגאַנגען אַליין זיך דערוויסן,
און געקומען צוריק מיט יוכים׳ען: זאָל ער, דער ערל,
אויך האָבן הנאה פון יום־טוב, פון שמחת־תורה.

חלומ׳ט יוכים אויף דער וואָך: זעט ער, ווי דורך אַ נעפּל,
שטופּן זיך יידן אין סוכה, פּנימער פלאַמען; דער תקיף —
שניידט זיך אַרויס אויבנאָן, ס׳נעביכל דריקט זיך אין ווינקל.
חלה און פיש די געפילטע, און בראַנפן אין פלעשען און גלעזלעך.
ר׳ מרדכי׳ס פּנים, לאַנג ווי דער יידישער גלות, טוט שוויצן —
יוכים מאַכט אַ כוס׳ע, און נאָך איינס, לכבוד׳ן יום־טוב,
שאָקלט מיטן קאָפּ צו זײַן שכן: „לחיים ר׳ שכן, לחיים!״
— „ס׳איז אַ תורה, יוכים, אין „אָנהויב האָט גאָט באַשאַפן
„דעם הימל און די ערד — און די ערד איז געווען תהו־ובהו,
„אַלע מיר האָבן איין תורה און איינעם אַ גאָט אינעם הימל,

„אַ מבול געבראַכט אויף דער ערד און געראַטעוועט נח'ן —
„מחמת אין זיין געשטאַלט האָט ער דעם מענטשן באַשאַפן,
„מאַן־און־ווייב זיי באַשאַפן" — דאָ האָט יוכים זיך געפונען:
געפרעגט די קשיה וואָס האָט אים געמייקערט: „פונוואַנען
„מיר דרינגען, אַז ווייבער זיינען אַנשיקענישן, פיין איז
„סתם דאָרט אַ מיידל?" — נאָך איידער ס'איז ענטפער געקומען —
איז ער שוין געווען אין אַ ריקוד של מצוה פאַרפלאָכטן,
און נאָכן טאַנץ ווידער די משקה, ביז ער האָט אַליין ניט געוואוסט שוין
רעדט ער דאָס, צי רעדט גאָר אַ צווייטער... אַ פּאָר שעה שפּעטער,
ווען די דינסט איז געקומען צונעמען די כלים — האָט זי געטראָפן
צוויי גופים, וואָס ליגן אויסגעצויגן, פאַרטאָן אין כראָפּן.

און אַ חברה כת־ליצנים, פאַרשטעקט אין אַ ווינקל פון סוכה
איז תיכף אַרויסגעשפּרונגען, באַפאַלן די צוויי כראָפּאַטשעס —
זיי געקלאַפּט איבער די פּיאַטעס, און די צוויי זיינען אויפגעשפּרונגען,
ניט־טויט ניט־לעבעדיק, און זיך צוגעקוקט צו די לצים:
— „איצט, רבותי, מאַרש, מאַרש!" — און צוויי פון די לצים
האָבן אָנגעכאַפּט מרדכי'ס קאַפּאָטע, לאַנג ביז די פּיאַטעס,
גענומען רעדלען מיט פּיסלעך, ווי אַ מילראַד אין שטורעם —
איז מרדכי'ן קיין ברירה געבליבן, זיך געלאָזט נאָך זיי לויפן.
אַנדערע צוויי האָבן אָנגעכאַפּט פּעטן יוכים פאַר זיין קרייקע —
ער רירט זיך פון פלאַץ ניט — זיינען זיי אויף אַ שכל געפאַלן —
גענומען אַ פלאַש, אים אַריינגעשטעקט צווישן די ליטקעס,
איז דאָס געוואָרן אַ פערדל, אַ קראַנקס, אַ פאַרדריפּעטס,
היפּערט און טענצלט און בריקעט, דרייט מיטן קאָפּ אויף די זייטן.
איז מרדכי דערשראָקן, פאַרציטערט, פליט איבער בערג, איבער טאָלן,
שפּרינגט איבער פּלויטן און קוסט, איבער צווייגן פון ביימער,
פליט איבער גערטנער, קלאַפּט אָפּ זיך אָן שטאָקן פון רויזן,
וואָס שטייען און ווערימען, די טעלער־קעפּ אָפּגעשניטן.

צעיאָגט די רעדלעך פון ראָבן, וואָס ריען אין מיסט זיך,
און סטאַיעס מיט געגנדז, וואָס צעפּליען זיך אין ווילדן געפּילדער —
אַזוי, הענדום־פּענדום, געפּלויגן, געפּלויגן, ביז זיי זיינען
צוגעקומען און זיך אָפּגעשטעלט אין אַ טאָל אין אַ גרינעם.
שטייען ר׳ מרדכי און יוכים פאַרבליפט און אַנטשוויגן:
דער טאָל איז אַזוי ווי אַ גאָרטן ביי דניעפּערשע וועלדער
נאָכדעם ווי דאָס וואַסער פאַלט אָפּ און ס׳צעבליט זיך דער פרילינג,
ביימער הייבן אָן גרינען, קוסטעס צעבליען זיך פאַרביק,
און ס׳ציען זיך טייערע ריחות אויף פעלד און אויף וואַסער.
גייען אום דאָרטן חיות און בהמות — פייגל אָן סוף און אָן שעור —
און כתה׳ס מלאכים... איין כתה דאָרט שוויצט ביי דער אַרבעט,
שייערט און בלאַנקט מיט צעשטויסענעם ציגל די בלאָסע לבנה
און ס׳ווערט איר ליכט העלער, ווי ערב־שבת׳דיק קופּער.
מאָגערע לייבן און לייבעכעס פּאַשן זיך דאָרטן מיט גראָזן,
פאַרמאָרעטע שלאַנגען ליידן פון לאַנגע תעניתים,
אַ זי־טיגער סמאָקעט אַ טרוקענע פייג פאַר איר פרישטיק.
אַ גרוב אינעם טאָל, וואו ס׳טוט שוויצן אַ כתה מלאכים —
טאָפּטשעט אין ליים ביז אַריבער די קני אין געדיכטקייט,
די שיטן זאַמד און די גיסן וואַסער, כסדר, אָן אופהער.
— וואָס פאַראַ טאָל איז דער־אָ, און וואָס טוען די דאָזיקע?
— דער טאָל איז די פּרשה פון בראשית, דאָס ליים — דער חומר פון מענטשן.
שטייט ער, יוכים, קוקט זיך צו: פאַרוואָס זשאַלעוועט מען וואַסער?
ס׳ליים איז צו טרוקן, באַדאַרף מען דאָ האָבן מער נאַסקייט...

שטייען מרדכי און יוכים: זעען אַ כתה מלאכים,
פאַרעלטערט, שוין שוואַך אין דער אַרבעט, אויף די נעזער — שפּאַקולן,
עסק׳ן זיך מיט מורא׳דיק גרויסע, משונה׳דיקע ביינער:
בראשית־עלפאַנטן און די משפּחה איכטאָאיזאַוורען,
עלעפאַס־פּרימיגענעס און דער גרויסער דינאָזאַוורוס,

פליענדער אַרכיאָפּטעריקס און אַלע זיינע מינים,
קליינער פּטעריגאָדאַקטילוס און משונה׳דיקע בראָנטאָזאַווערען.
— „די ווער זיינען?״ — באַקומען זיין אַן ענטפער: מאַרודניקעס —
מלאכים אַלט געוואָרן אינמיטן דער אַרבעט, פאַרשפּעטיקט,
ניט באַוויזן אַריינבלאָזן אין זיי קיין רוח־חיים,
ירושה פאַר אַרכעאָלאָגן — די אַלע פאַרשטיינערטע גולמ׳ס.

זיי גאַפן אין חידוש און ס׳טרייבן די שדים זיי: „ווייטער!״
שפּאַנען איבער פלאַכלאַנד און בערג, טאָלן און שטראָמיקע טייכן —
קומען זיי צו אַ טאָל, וואו ס׳הערשט דאָרט אַ טאָלק און אַ סדר.
אַן אויפשריפט פאַראַן איבערן טויער: „פרשה נח״ — אין יידיש,
וויל מרדכי אַריינגיין — פירט צו אַ טיש אים דער מלאך,
צום „יידישן טיש״, דאָרט איז מען בודק מרדכי׳ס פּאַפּירן.
נאָך לאַנגן משא־ומתן, מיט דער הילף פון קליינע מזיקים —
האָט דער מלאך, דער ממונה איבערן פאָכנדיק שווערדל,
ביים אָנבליק פון הייליקן שקל אים באַוויזן אַ שמייכל —
יוכים׳ען האָט מען אָן שום חקירה ודרישה אַריינגעלאָזן.

פרשה נח איז צע׳שמחה׳ט. די טעג זיינען וואָלקנדיק, וואַרעם,
זאָגט מרדכי: ס׳איז חודש אייר. יוכים זאָגט: ס׳איז חשוון.
קריגן זיך ניט איבער דעם, קוקן, לייענען די פּלאַקאַטן,
וואָס זיינען אומעטום צעהאַנגען: הנה, זייט וויסן,
„זאָל באַקאַנט זיין צום פאָלק, אַז ס׳גייט קומען דער מבול״,
גע׳חתמ׳עט מיט דערלויבעניש פון אָרטיקער קאָמענדאַנטור.
שטייט אויף אַ באַרג, געבויט פון פּימסנהאָלץ, די תבה —
און חיות און עופות און בהמות און שרצים און שדים,
זכר ונקבה, שטופּן זיך, די ריינע און די אומריינע,
זייער אַ גרויסער עולם, שטייען געפּראָפּט ביי דער תבה.
פּאָליציאַנטן אויף פוס און אויף פערד האַלטן אָרדענונג,

פירן איין טאָלק ביי די לעבעדיקע פליישן פון ברואים,
היטן ס׳געזעץ אָפּ: צו זיבן פּאָרלעך ריינע באַשעפענישן,
צו צוויי, מאַן־און־ווייב, פון דער אומריינער בהמה.

די תבה נעמט אַריין, נעמט אַריין, און נח איז אונטערפירער —
ס׳גייען סטאַיעס און באַנדעס און כתה׳ס און כנופיה׳ס.
צנועות־קי און בוהיי, וואָס מוקעט פון גרויס ליבשאַפט
צו יענע פון זיינע ווייבער וואָס מוזן אומקומען נעביך.
אַ גרינלעכער שפּין אַ צדיק און זיין ווייב די צדקת
איילן אויף דינינקע פיסלעך, אָפּגעשיידט צום לעבן.
שפּאַנט זיך אַ חזיר, אַ צדיק־תמים, מיט כשר׳ע קלויען,
עניוות׳דיק, שטיל און געלאַסן מיט אַראָפּגעלאָזטע עווערן.
און חיות און עופות און שרצים... יוכים און ר׳ מרדכי
דערקענען די שטוביקע חיות און עופות, גאָר פיל אָבער
ווייסן זיי ניט ביי די נעמען. נייערט, ר׳ מרדכי׳ן איז דעמאָלט
זיין רבי׳נס תורה פון חדר דורכאויס בייגעשטאַנען —
ער האָט זיך דערמאָנט אָן איינער אַ פרשה פון „דברים״,
אויפגעטויכט האָט זי ביי אים אין זכרון, שטייט ער און רעכנט:
אָדלער, ביינברעכער, פאַלקפייגל, ראָב און שטרויספייגל,
שפּאַרבער, סאָווע און אוהו, פּעליקאַן און גאַיער,
פישפרעסער, שטאָרך און בוטשאַן, אויערהאָן, פלעדערמויז,
און ווייטער, און ווייטער. דאָ איז ער געוואָרן מבולבל:
וויל זאָגן „הצבי״ — און ער זאָגט: „הצרי והצפורן
החלבנה והלבונה״ — און די תבה ווערט פולער און פולער.

קוקן יוכים און ר׳ מרדכי — ס׳איז ביטער און פינצטער,
קלאַפּט זיי אַ צאָן אָן אַ צאָן, מחמת אימת־הדין און וואַסער,
זיי שפּירן שוין ס׳וואַסער פון מבול, קאַלט רעגנוואַסער
גייט אויף דער נאַקעטער פּלייצע אין האַסטיקע שטראָמען.

בעטן זיי זיך ביי די שוטרים ושופטים פאַר זייערע לעבנס —
נאָר ס׳העלפט ניט פון דאַנען־אַהין, אומזיסט זייער טרחה.
זיי קריגן איין ענטפער: ס׳געזעץ. איז מרדכי אַרונטער אין בייטל,
דערלאַנגט זיי אַ שקל — איז זיינען זיי ווייכער געוואָרן,
גע׳עצה׳ט אים: קלאַפּן אין טירן פון העכערן בית־דין,
דערלאַנגען אַ שריפט דאָרט מכח עסקים פון תבה.
קאָרג איז ר׳ מרדכי חלילה קיינמאָל ניט געוועזן —
האָט זיך געפונען אַ סרסור, אַ מומחה אויף זאַכן אַזעלכע,
און האָט זיך אַוועקגעזעצט וואַרטן אויף וואוינרעכט אין תבה.
צום סוף איז דער ענטפער געקומען — אַ גזר פון הימל —
היינו: „דעם ענין באַטראַכט אויף דער זיצונג געהיימער —
„זיי עס באַשלאָסן: היות, ווי די תבה געפינט זיך
„אין קאַנט פון ארצט — האָט ער קיין וואוינרעכט ניט דאָרטן״.

אַ ביטערער צער אויף ר׳ מרדכי׳ן. ווידער געקלאַפּט זיך אין טירן,
געפּרעגט זיך אויף „חיות און רעדער״ וואָס לאָזן זיך שמירן —
גיט ער אַריין אַ קאַסאַציע אויפן פסק פון דער זיצונג.
נאָך לאַנגן משא־ומתן האָט מרדכי דעם משפט געוואונען:
„אַ תבה וואָס שווימט אויפן וואַסער באַדאַרף נישט קיין וואוינרעכט״.
אָבער, ניט לאַנג האָט די שמחה געוועדט: געפונען זיך איינער
אַ מחמיר אַ גרויסער אין יענער געהיימער זיצונג,
נאָך אין אייגענעם טאָג אַ צושריפט אַ נייעם באַקומען:
„היות, ווי די תבה וועט שווימען אין וואַסער פון מבול,
„איז פאַראַנען אַ חשש, מ׳זאָל ניט פאַרמישן די גרעניצן,
„און מיר האָבן אַ בפירוש געזעץ: פּופּציק מייל אַרום גרעניץ
„מוז פריי זיין פון יידישער מכה״... און אויס מיטן וואוינרעכט.
איז ער דאָך אָבער אַ ייד — גיט ער זיך ווידער אַן עצה —
אַ שעפּטשען זיך וואו מ׳באַדאַרף און נאָכדעם דאָס גרויסע שמירעכץ.
וואוינרעכט באַקומען! דער זכות פון סטאָלערייַ איז אים בייגעשטאַנען,

געקראָגן אַ צייגעניש: געאַרבעט ביים בויען די תבה:
שמיד און סטאָליער צוזאַמען, מייסטער איןביידע פאַכן.
נייערט, ער האָט ניט קיין מזל, ס׳איז באַלד אַ מסירה געפלויגן —
און ווידער אויף צרות: היות, ווי נח האָט אַ „פּרינציפּ״,
ניט צו באַשעפטיקן יידן אין זיינע פאַרצווייגטע געשעפטן.
העלפט ניט קיין טענה ומענה, זעצט ער אַוועק זיך ווייגען —
און די קאַלטע כוואַליעס פון מבול גייען איבערן קאָפּ אים
און איבער זיין הייסן צעבראָכענעם גוף: נאָר פּלוצים
איז אַ גרויס ליכט אים אויפגעגאַנגען פאַר די אויגן —
ער האָט זיך דערמאָנט אָן די דרכים פון יידישע סוחרים.
אַ האַלב שעה שפּעטער איז ער דאָ מיט אַ נייעם פּאַפּיר —
סוחר פון ערשטער גילדע, געשריבן און גע׳חתמ׳עט געזעצלעך:
„לכבוד ר׳ מרדכי בן יאיר:
איר זייט באַאויפטראַגט צו קויפן
„אין קאַנט פון באַרג־אררט און תבה — און בלויז פאַר מזומן —
„צמחים פון אַלערליי מינים: צווייגן פאַר עלעפאַנטן, בולבעס,
„פּעטרישקע, גערשטן און אַרבעס, אַלע פעלד־פּראָדוקטן
„פאַר חיות און עופות צום עסן... אונטערגעשריבן ביים נאָטאַריוס:
„אלף ותרנ״ו ליצירה, בכאן, פרשה נח״...
מיינט איר, אַז שוין, ס׳איז אויף מרדכי׳ן געקומען אַ גאולה?
הויבט זיך נישט אָן! — בית־דין האָט אַ נייע פּגימה געפונען:
משא־ומתן אין תבה פאַרבאָטן, פון געזעץ גע׳אסר׳ט,
ניטאָ דאָרט פאַר סוחרים קיין פּלאַץ!

האָט מרדכי זיך אויפגעהויבן,
געבראָכן די פּיס תרפ״ט מייל, ניט געזשאַלעוועט קאָסטן,
גענישטערט, געזוכט אין די ביכער, אַנטפּלעקט אַלע סודות —
ער האָט אַ דיפּלאָם, אַ דיפּלאָם פון אַ רופא־בהמות,
געשטעמפּלט מיט שטעמפּלען — אַ שריפט אויך אויף וואוינרעכט

אין תבה און אירע שטאָקן: אונטערשטן, צווייטן און דריטן,
איז מרדכי'ן אָפּגעגאַנגען פון האַרצן, ס'איז וואויל אים געוואָרן,
נאָר דאָ האָט אַריינגעמישט זיך די אָרטיקע קאָמענדאַטור:
זי האָט אַריינגעקוקט אין כתב, אַלץ, דוכט זיך, איז כשר וישר,
אַלאָ וואָס? אַ מעשה מיטן נאָמען, און ס'איז אַרויס די גזירה:
היות, ווי דער נאָמען מרדכי איז בבליש, אָדער פּערסיש,
הגם ס'איז פאַראַן „מאָרדוך", אָדער „מאָרדקע" פאַרשריבן אין „סקאַזקע"
איז פּסול דער כתב אויפן סמך פון די און די דינים...

און בשעת ר' מרדכי קלאַפּט זיך און קלאַפּט אין די טירן,
ברעכט זיינע פיס אָן אַן אויפהער, פאַר'עסק'ט אין דינים —
זיצט זיך יוכים און ער וואַרט אויף זיין דאָרפישן „קנעפּל",
מ'טרייבט אים פון קאָרידאָרן פון יעדן געריכטהויז,
ווערט פאַרלייזיקט אין תפיסה, וואו ס'קומט אים אויס זיצן,
שטעלט בראַנפן פאַר די עלטסטע און פאַר דער הראָמאַדע,
שרייט: „יע־יע" אויף דער אסיפה און האָט באַלד חרטה —
סוף־כל־סוף, ווערט ער באַפרייט, קריגט דערלויבעניש פאַר דער תבה.
— „דיין ווייב וואו איז?" — „און אָן אַ ווייב?" — „ניין, אַ בפירוש געזעץ:
מאַן־און־ווייב, זכר ונקבה". — האָט יוכים זיין פּאַפּיר צעריסן:
„בעסער דערטרונקען ווערן, איידער אין די הענט אַריינפאַלן
„צוריק ביי דער הינטישער טאָכטער"...

זיינען זיי ביידע פאַרצווייפלט.
פּלוצים פאַרנעמען זיי ביידע אַ גרויסע מהומה: פאָליציאַנטן
האָבן אויסגעדרייט די פערד אַקעגן דער נייער מחנה,
וואָס קומט מיט געזאַנג און מיט פאָנען — דעמאָנסטראַציע
אַקעגן דעם אַלטן נח און קעגן דעם פאַר'מבול'דיקן סדר.
מאַרשירן חיות און עופות און שרצים און שדים,
איטילכער אונטער זיין פאָן, און דער גרויסער און קליינער שרץ.

אין זעלביקן טאָג האָט דער גרויסער תהום זיך געשפּאָלטן,
די שליוזן פון הימל האָבן זיך געעפנט, פליוכען גענומען,
ס׳וואַסער האָט זיך געשטאַרקט, די תבה האָט זיך אויפגעהויבן,
שווימען גענומען. און מרדכי האָט געזען עוג׳ס שפּיץ נאָז
און אַ פּיאה וואָס טריפט וואַסער איבערן באַק, און ס׳וואַסער
שטראָמט און פּלייצט איבער מרדכי׳ס און יוכימ׳ס פּנימער,
וואָס זיינען בלאַס ווי קרייד, מורא׳דיק בלאַס...

אין טויטשרעק

געעפנט די אויגן — ערשט, זיי געפינען זיך אין מרדכי׳ס סוכה.
אין גאַס גיסט אַ רעגן, לוזשעס ביים אַריינגאַנג פון סוכה,
רעגנטראָפּנס גיסן דורכן סכך און דורך די צווייגן —
בלאָטע און גרויע הימלען זעען זיך פון סוכה.

# עלקע׳ס חתונה

## (קאַפּיטל ה׳)

### „יום ג׳״. „צום באַדעקנס״. „חופּה־וועטשערע״.

דינסטיק גאַנץ פרי האָט געשטעלט זיך מיט מוזיק און געזאַנגען.
איז אַוועק די קאַפּעליע קלעזמאָרים, אַוועק מיטן בדחן אינאיינעם,
דעם חתן מקבל־פּנים זיין, דעם פיינעם „דאָברי־דזשען״ אים שפּילן.
עס האָט זיך פאַרזאַמלט אַ כאַפּטע פון שקצים׳לעך קליינע
צום רוף פון טראָמפּייט און פון פּויק — דער קאַפּעליע באַלאַגערט.
און ווי נאָר עס האָבן די קלעזמער און בדחן פאַרענדיקט —
גענומען צו קאַפּעלע בראָנפן, מיט קיכלעך מיט זיסע פאַרביסן,
איז האָבן זיי באַלד זיך פאַרנומען, אַוועק צו דער כלה. פאַראויס איז
געלאָפן דאָס חיל פון שקצים מיט ווילדן געפייף און געפילדער,
געזונגען, געשפּרונגען, פאַרטשעפּעט די הינט פון דער שכונה,
און באַלד, מיט איין שפּרונג, פאַר מרדכי׳ס הויז אָנגעקומען —
זיך אויסגעשטעלט אַלע אין איין שורה, דער כלה געשפּילט אַ „דאָברי־דזשען״.
און עלקע, פאַרשעמט און פאַררויטלט, דערלאַנגט זיי דעם כיבוד,
דעם לעקאַך־און־בראָנפן, און חברה צעגייט אַזש פאַר תענוג.

אַזוי ווי די פייגלען וואָס שטעלן זיך אָפּ ביי אונדז איבערן ווינטער,
וואָס קלייבן צענויף זיך אין האַרבסט, ווען אין וואַלד שטייט אַ הונגער,
ביים שייער ביים פּולן, וואו ס׳האָט זיי דער יעגער פאַרמאַניעט מיט קערנער:

די קומען און קוקן, און די שפּרייטן אויס אַ פּאָר פליגל,
אַנטלויפן און קומען צוריק באַלד, פאַר׳גנב׳ענען זיך כאַפּן אַ קערל.
איינציקווייז קומען זיי: בלויפויגל, טזשיזשיק און רויטברוסט,
גלאַנצן מיט פאַרביקע פעדערלעך, גרינע און רויטע און בלויע,
שוואַרצסאַמעט און געל פון ציטרינען — אַזוי זיינען מיידלעך
צעניף זיך געלאָפן ביי עלקע׳ן, דער כלה, אין חדר.
שעמערירן אין אַלע קאָלירן, באַהאַנגען מיט גאָלד און קאַרעלן,
און ס׳טראָגן זיך ריחות־פאַרפומען פון זיי פונדערווייטנס.
די פליען אַריין אין געלויף, און די טוען האַסטיק פאַרפליען,
זיי צוויטשערן פריילעך און סטראָיען זיך אויס קעגן שפּיגל,
גלעטן אויף זיך אויס די זאַכן, און העלפן זיך איינע דער צווייטער.

און ס׳האָט שוין די זון זיך געהאַלטן אין זעצן אין מערב,
ווען ס׳האָבן די מיידלעך אַ שטראָם געטאָן, פונקט ווי די פלאַטערלעך
אין אָנהייב פון פרילינג, צי גאָר, ווי אַ בלומענבוקעט וואָס, צעפאַלט זיך;
און עלקע, אין שלייער און חופּה־קלייד, איז צווישן די חבר׳טעס,
אַ בלאַסע, אַ שלאַנקע, אַריין אין באַלויכטענער שאַפּע,
וואו ס׳האָבן געוואַרט שוין אויף איר קאַפּעליע און בדחן.
הויבט אָן דער בדחן מיט ניגון: „לכבוד דער בתולה, דער כלה,
די שענסטע פון מיידלעך אַלע — טוט ווי די זון אין תמוז שטראַלן —
ווי ירושלים איידער זי איז געפאַלן — דאָס נחת פון טאַטע־מאַמע
און פון אַלע גוטע־פריינט צוזאַמען — שיין און איידל ווי פאַרן מלך —
קלעזמער, לעבעדיק, פריילעך! — שלאָגט אין פּויק און אין טאַצן —
אַזש די סטרונעס זאָלן פּלאַצן!"
און באַס און פידל האָבן צוגעברומט,
טראָמפּייט האָט צוגעאיילט, און צווייטע פידל טוט באַגלייטן —
אַ זעץ געטאָן אַ דונערדיקן טוש — פאַרטויבט צו ווערן.
ס׳טוען זיך אַ לאָז די חבר׳טעס, באַפאַלן זי מיט קושן,
ס׳ווערט אַ געפילדער און רעש, ביז דער בדחן נעמט אין זיי.

איצט הויבן אָן זיך די טענץ — טאַנצן די מיידלעך צעפלאַמטע
אַ פּאָלקע, קאַדריל און לאַנסיע מיט דער כלה אינמיטן.
אַ בלאַסע פון תענית — דאָך שטייט זי נישט אָפּ פון די מיידלעך,
ווייל עלקע די קלוגע ווייסט אַלע מנהגים, און וועט ניט פאַרשעמען
די פריינדינס, וואָס קומען זיך פרייען מיט איר אין איר שמחה.
אַזוי האָבן זיי זיך פאַרווײַלט מיט די טענץ, און די שאָפּע ווערט פולער:
עס קומען צונויף זיך די געסט, די פאַרפּוצטע אין יום־טוב.
עס שטייט אַ געדראַנג און געקלאַנג און אַ פריידיקער טומל,
גרויס איז דער עולם — גאַנץ פּאָדעווקע איז צו דער שמחה געקומען.
יונג און אַלט זיינען געקומען, אַלע גוטע פריינט און קרובים,
און מיטגעבראַכט האָבן די מאַמעס די קינדערלעך אַלע.
(מיט מאַנדל־אויל אויסגעשמירט קעפּלעך, מיט פינגער אין נעזלעך)
געוועזן דערפאַר זיינען דריי טעמים: ערשטנס, אויף וועמען פאַרלאָזט מען
אַהיים אָט דאָס קליינוואַרג, די כשר׳ע שעפּעלעך? צווייטנס,
וואָס גייט וועמען אָן, אַז דאָס קליינוואַרג וועט האָבן הנאה?
און דריטנס, אויב יאָ שוין אַ שמחה, טאָ זאָלן זיי טאַקע געניסן.
איז געשטאַנען אַ פריידיקער טומל און פריילעכע ענגשאַפט,
אַ הו־האַ פון פראַגן און ענטפערס, און איבער דעם אַלץ די קאַפּעליע.
פאַליק דער שמש האָט שבת פון באַלעמער אויסגערופן:
„מ׳בעט ס׳זאָל דער עולם נישט לאָזן זיך בעטן צו דער חתונה!״
זיינען געקומען די דינסטן מיט זייערע פריינט און געליבטע,
באַלאַגערט די שוועלן פון שאָפּע, דערשטיקט אַזש צו ווערן.

דערווייל איז דער חתן ביי זיך נאָך אין חדר: עס קלייבן די געסט זיך,
איינציקווייז קומען זיי, אַנדערע קומען אין פּאָרלעך, ביז אָוונט
פאַלט צו, און די געסט הויבן אָן צו פאַרנעמען די פּלעצער.
זיצט אויבנאָן שוין דער חתן ביים ריזיקן טיש דעם געגרייטן,
ליגט דאָס געפלאָכטענע שטריצל פאַר אים אַ פאַרברויינטע
מיט רויטלעכן זאַפראָן, מיט ראָזשינקעס זיס דורכגעקנאָטן,

פאַרדעקט מיט אַ זילבערן טישטעכל. האָבן דעם חתנ׳ס
צוויי אונטערפירער זיך צוגעזעצט פוןביידע זייטן.
פאַרביסן מיט לעקעך און איינגעמאַכטס, טייגלעך און טאָרטן,
דער עולם האָט אויסגעזעצט זיך און גענומען צו גלעזל,
צעלייגט מיט אַ האַנט מיט אַ ברייטער אויף זילבערנע טאַצן
דער חתן אַליין בלויז האָט גאָרנישט גענומען — ער פאַסט זינט פרימאָרגן.
און אַז ס׳האָט דער עולם זיך אָפּגעשטעלט, אויפגעהערט נאַשן,
האָט מען געשיקט אָנזאָגן: געענדיקט דער קבלת־פּנים!
דער בדחן דערהערט — נעמט ער איינשטילן תיכף דעם עולם,
וואַרפט זיך אַהער און אַהין, דונערט אַראָפּ אויף די ווייבער:
„ווייבער, זייט שטיל! צינדט אָן ליכט! מאַכט עס לעבעדיק, פלינקער!
„ווייבער, צו כלה־באַדעקנס!” און ס׳וואַרפן זיך ראַפּטאָם די ווייבער,
איינע דער צווייטער אין וועג, פרעגן און ענטפערן אַלע צוזאַמען,
מיט רעש און געפילדער: „אַ פלאַץ מאַכט, מאַכט פלאַץ פאַר דער כלה!”

און גאָלדענע די קעכין לייגט אויס זיך אַ וועג דורכן עולם
מיט לעבנסגעפּאַר, ווי אַ זעלנער, וואָס רייסט זיך אַדורך דורכן שונא.
אין ברעטערנער שאָפע, אין געלס און אין גרינס אויסגעסטראָיעט,
שפּאַנט זי פּאַמעלעך מיט גאוה: זייט וויסן, דעם חתנ׳ס צד גייט דאָ!
(ניט מער און ניט ווייניקער) טראָגט זי אַ ריזיקע באַקדייזשע,
שטעלט די דייזשע אַנידער אין מיטן פון שאָפע, קערט איבער
מיט דעק אין דער הויך, לייגט אַנידער אַ קישן, ציט איבער
מיט פערסישן טעפּיך געבלומטן; און צוויי אונטערפירערקעס
האָבן מיט טריט מיט געמאָסטענע צוגעפירט עלקע׳ן —
געזעצט זיך און צוגעדעקט זיך מיט דער ווייסער פאַטשיילע.
עס רינגלען אַרום זי די ווייבער מיט ליכט מיט געצונדענע —
איינציקווייז קומען זיי צו מיט געוויין און מיט טרערן,
פלעכטן די צעפּלעך פון קאָפּ פון דעם שיינעם פאַנאַנדער.
(דאָס האָר איז פון פריער געוועזן פאַרפלאָכטן אין צעפּלעך.)

גרויס איז געווען דאָס געוויין: געוויינט האָבן אַלטע און יונגע
און מיטגעוויינט האָט אויך די כלה, די טרערן געשלונגען.
קינדערלעך הערן דאָס וויינען, זעען די מאַמע פאַרגייט זיך,
האָבן זיי אויך זיך פאַרגאַנגען, ווי ס׳פירט זיך ביי קליינוואַרג.
דער בדחן האָט אויפגעשטעלט זיך אויף אַ באַנק, אָנגעהויבן
מיט ניגון און וויינענדיק קול, און דער באַס און דאָס פידל
באַגלייטן און האַלטן אים אונטער מיט כליפּ און מיט ציטער.
דער עולם באַגיסט זיך מיט טרערן, באַוויינט אונדזער כלה דער צנועה.
ער הויבט אָן מיט מוסר, איז מזהיר דער כלה אויף ווייבערשע מצוות,
באַוועגט זי צו תשובה — און ענדיקט מיט גוטס און נחמה:
„וואָס, מ׳שטיינס געזאָגט, איז אַ מענטש — אַז זיין סוף איז ווערים —
„דעריבער, כלה־לעבן, זאָלסטו גיסן מיט באַכן טרערן.
„זאָלסט בעטן דעם רבונו־של־עולם וואָס זיצט אויבן —
„ער זאָל דיין האַרץ אָנפילן מיט גלויבן, — וואָרים, ער איז מלך,
„איבער דער גאַנצער וועלט — און פירט דאָס לעבן ווי אים געפעלט —
„ער זאָל דיר, כלה־לעבן, געבן אַ גוט־האַרץ — און זאָלסט נישט וויסן
„פון ווייטיק און פון שמאַרץ — אין זכות פון צדקה וואָס דו וועסט געבן —
„וועסטו זיך עלטערן אין עושר און אין כבוד דיין גאַנץ לעבן״...
דער בדחן ענדיקט — האָט דאָס פידל מונטער זיך צעלאָזן,
דער באַס האַלט אונטער, און די פרייד האָט זיך פאַרטאָפּלט.
אַזוי האָט מען באַוויינט די כלה עלקע, מרדכי׳ס טאָכטער.

דערנאָך איז דער בדחן אַוועק מיט דער פיינער קאַפּעליע,
געגאַנגען צום חתן, געטראָגן דער כלה׳ס מתנות: דעם קיטל
דעם ווייסן און ברייטן, דעם גאַרטל פון לייוונט און טלית,
די אַטלעסנע יאַרמולקע מיט זילבער באַנייט און באַהאָפטן —
און אויסגעלייגט אַלץ פאַרן חתן. מיט ערנסטע ווערטער
אים מזהיר געווען, ער זאָל גוט זיין צו גאָט און צו לייטן.
שטייט ער און דרשנ׳ט און גראַמט און באַוועגט אים טאָן תשובה

מיט וויינענדיק קול, און דער באַס און דאָס פידל באַגלייטן,
האַלטן אים אונטער מיט שטייגער און האַרציקן כליפּן.
ס׳האַרץ ביי דעם עולם צעגייט. מען דערמאָנט זיך אָן אייגענער יוגנט,
אַ טרויער באַפּאַלט יעדן איינעם, עס ווייזן זיך טרערן —
ביז ס׳ענדיקט דער בדחן מיט מוסר און הויבט אָן מיט פריילעכס,
כאַפּן זיך אויף די קלעזמאָרים און דונערן ווידער מיט גבורה —
אַזוי האָט דער בדחן פאַרן מענערשן עולם גע׳בדחנ׳ט.

געענדיקט זיין דרשה — דאַן טוען זיך אַלע אַ הויב פון די פלעצער —
אַן עולם אַ גרויסער, געפּאַקטער, און לאָזט זיך צו „כלה־באַדעקנס״.
גייט זיך געלאַסן דער חתן, די אונטערפירער ביי די זייטן,
און הינטער זיי גייען די מאַנסלייט. שפּאַנט ער אינמיטן,
און ס׳האַרץ קלאַפּט מיט כח אין ברוסט און פאַרגייט זיך, פאַרגייט זיך.
אָט דוכט זיך אים אויס, ס׳האָט אינגאַנצן גאָר אויפגעהערט שלאָגן:
ווער איז זי? די קליינע, די שיינע, וואָס האָט אים פאַר׳כישופ׳ט?
ווער קען די צוקונפט דערגיין און פאָראויסזען דאָס לעבן?
אויב ווי זיין טאַטעס און מאַמעס — איז דאָ וואָס צו זיין אים מקנא;
געוויס, ווי ביי טאַטע און מאַמע, ווי טייער און ליב איז דאָס מיידל!
קלאַפּט דאָס האַרץ האַסטיק און פלינק, אָטאָ הערט עס אויף קלאַפּן אינגאַנצן.
אַזוי האָט דער חתן געטראַכט אויפן וועג צונ׳ם „כלה־באַדעקנס״.

און די ברעטערנע שאָפּע איז באַלויכטן אַזוי ווי אַ פּאַלאַץ,
איר לייוונט־דאַך ווייסלט זיך רונדיק אַריבער די ברעטער,
באַהאַנגען מיט טעפּיך און פאָרהאַנג פון אַלע קאָלירן,
אין שיין פון אומצאָליקע ליכט און פון בליצלאָמפּן טוצן,
מיט גלעזלעך־קרישטאָלן, וואָס שימערן, רירן זיך, קלינגען.
זיצט זיך די כלה אינמיטן דער שאָפּע פאַרפּוצט אויף דער דייזשע,
ווי אַ מלכה צווישן איר סוויטע, קומט צו דער חתן דער בלייכער,
האַלט ער דאָס דעקטוך אין האַנט, בלויז די ליפּן באַוועגן זיך:

„שוועסטער, זאָלסט ווערן ביי אונדז אין די צענדליקער טויזנט".
און צוגעדעקט האָט ער די כלה. דאָס דאָזיקע דעקטוך
געווען איז אַ ראָזער פרוכת, אַזוי ווי די מאַלינע־יאַגעדע,
פון טייערן זיידנס, מיט גאָלדענע פרענדז אויף די ברעגן.
און אויסגעזען האָט זי, די כלה, אַזוי ווי אַ מזרח־פּרינצעסין
אין רעדל פון אירע באַגלייטערינס... איז דאָס געשען טאַקע,
אָדער, ס'האָט בלויז זיך געדאַכט דעם פאַר'חלומ'טן חתן?
געדוכט האָט זיך אים, אַז די צוויי שוואַרצע גלאַנציקע וויהעס
האָבן אַ צאַפּל געטאָן מיט אַ ברען און זיין האַרץ איז פאַרגאַנגען.
די חבר'טעס־מיידלעך, וואָס האָבן אַ רינג אַרום כלה געשלאָסן,
האָבן דעם חתן באַשאָטן מיט גערשטן, מיט ווייץ און מיט קאָרן,
אַ גאָלדענער רעגן — אַ רעגן מיט זונשיין אינאיינעם!
רופט אויס דער בדחן: „אַלטינקע וויבער, בענטשט דעם חתן!"
האָבן די זקנות געענטפערט: „גאָט ברוך הוא זאָל אים בענטשן,
„ער זאָל נישט דאַרפן אָנקומען צו דער גאָב פון מענטשן!"
די כלה הויבט אויף זיך פון דייזשע, בלייבט שטיין אינעם רעדל —
ווערט אַ געלאַף, אַ גערודער: מאַכט פּלאַץ, מאַכט פּלאַץ פאַר דער כלה!
רימפּלט דאָס פידל, און באַס און טראָמפּייט האַלטן אונטער,
און יאָסי דער בדחן רופט אויס מיטן ניגון דעם ערשטן טאַנץ.
רופט אויס די קרובות דער כלה'ס און נאָענטסטע, און ענדיקט
מיט סאַמע דער לעצטער, וואָס איז צו דער שמחה געקומען.
און עלקע די קלוגע, ווייסט אַלע מנהגים און האָט נישט פאַרגעסן
קיין איינער, און קיינער פאַרשעמט. און יאָסי זינגט אויס מיטן ניגון:
„מ'בעט און מ'בעט דער גאָטספאָרכטיקער, וואוילקענעוודיקער צנועה,
„צוועטל, דער טייערער באָבען (זאָל זיין ביז הונדערט און צוואַנציק)
„גיין דעם ערשטן טאַנץ מיט דער כלה — אָט גייט זי! אָט גייט זי!
„מאַכט פּלאַץ, מאַכט אַ וואַרע פאַר איר, פאַר דער באָבעניו, ליבער!"
האָבן די קלעזמער אַ דונער געטאָן דעם פיינעם פּאָלאָנעז,

און צוועטל, די טייערע באָבעניו, קומט איצט אַרויס פונעם עולם,
געבויגן, דאָס פּנים צעקנייטשט, מיט די צערטלעכע אויגן,
נאָר טונקל פון עלטער, אין פריידַ פון איר אייניקלס שמחה.
נאָר שוואַרץ זיינען וויהעס און שאָטענען איבער די באַקן,
די ברעמען — צוויי בויגנס פון סאַמעט, ווי אין די אַמאָליקע יאָרן,
אַ רעשטל, אַ סימן פון יונגער געוועזענער שיינקייט.
געקליידט אין אַ שוואַרץ זיידן קלייד פון דעם אַלטן פאַסאָן,
דאָס אויסגעהאַפּט „ברוסטטיכל" פאַלט איר אַריבערן האַרצן,
געהאָפטן מיט גילדענע פעדים, און שימערט, פאַרכאַפּט אַזש
די אויגן מיט איידל־געפורעמטע בלומען און קווייטן.
זיבן שניר פערל פאַרשלינגען דעם מאָגערן האַלדז און דינעם,
ווי ליכטיקע צווילינג־טרערן פון קינדערשע אויגן,
„האָלענדישע פערל" און טאָקע די בעסטע און שענסטע.
(ס׳איז באַלד צו דערקענען, אַז ס׳זיינען ניט „יידישע פערל"),
נאָך טראָגט זי אַ קייט פון „עלעקטראָן" אַ לאַנגע, אַ שווערע,
און אַ שפּילקע אַ גאָלדנס אַריינגעשטעקט אונטער די פערל.
די אוירינגען — „טאָפּלט", מיט צוויי בריליאַנטענע שטיינער,
איין שטיין ביים לעפל פון אויער, דער צווייטער — אַרונטער,
פלאַקערן, גליען ווי פלעמלעך — פאַרכאַפּן די אויגן.
נאָר ווי אַ קרוין פון אַ מלכה אַן אַלטער פון מזרח
באַקרוינט איר דעם קאָפּ דאָס שימערדיקע שטערנטיכל:
אַ פלעכטל פון סאַמעט פון שוואַרצן, וואו ס׳נעסטלט אינמיטן
און ווייסט זיך אַ זילבערן בלעכל — פאַרזייט מיט בריליאַנטן,
און דימענטלעך זיינען אַריינגעפּאַסט אויך ביי די זייטן
פון דאָזיקן בלעכל אין לענג און אין ברייט, און ווערן אַלץ
קלענער און קלענער וואָס ווייטער זיי רוקן זיך אָפּ פונעם צענטער,
פלאַקערן, גליען ווי פלעמלעך — פאַרכאַפּן די אויגן.
אַזוי האָט זי אויסגעזען צוועטל די באָבע, ווען עלקע דאָס אייניקל
איז איר אַנטקעגן געקומען אין טאָג פון איר חופּה.

עס האָבן די קלעזמער געענטפערט, דער עולם — געפּליעסקעט.
שוועבנדיק אויף די שפּיץ פינגער זיך צו דער כלה דערנענטערט
מיט קליינע געמאָסטענע טריט, אָנגענומען די כלה, געדרייט זיך
דריי מאָל אין אַן עגול — און ס׳פּליעסקעט דער עולם מחותנים.
קערט זיך די באָבעניו אום צו איר פּלאַץ אויף די שפּיצן פון פינגער.
און יאָסי דער בדחן זינגט ווייטער: „מ׳בעט די גאָטספאָרכטיקע אשה,
באַרימט אויף דער וועלט מיט איר צדקה און צניעות און גוטסקייט״...
קומט פון דעם עולם אַרויס די ליבהאַרציקע מאַמע דעם חתנ׳ס,
שוועבנדיק קומט זי אַרויס און דערנענטערט זיך שטיל צו דער כלה,
שפּאַנט מיט געמאָסטענע טריט, נעמט אָן די כלה און דרייט זיך
דריי מאָל אין אַן עגול — און ס׳פּליעסקעט פאַר שמחה דער עולם.
נאָכדעם צוריק צו איר פּלאַץ מיט געמאָסטענע טריטעלעך.
אַזוי זיינען ווייבער צום טאַנץ צו דעם ערשטן געגאַנגען —
שוועבנדיק קומען זיי צו צו דער כלה מיט קליינע,
געמאָסטענע טריט און זיי דרייען זיך אום מיט דער כלה
דריי מאָל אין אַן עגול — און ס׳פּליעסקעט פאַר שמחה דער עולם.
גייען צוריק מיט אַ טענצל — און יאָסי דער בדחן
שטרעקט אַזוי קונציק זיין האַנט אויס און קריגט אַ מתנה.

און אַ צערטלעכע פינצטערניש פּילט אָן די שכונה מיט סודות,
ווען ס׳הויבט זיך דער חתן אָן קלייבן צו גיין צונ׳ם שולהויף.
פאָראויס לויפט דער אַוואַנגאַרד — די שקצים פון שטעטל,
מיט רעש און געפילדער, שפּרינגען אַנטקעגן די קלעזמער,
און אַ הילכיקער מאַרש גיסט זיך איבער אין נאַכטיקן חלל.
די אונטערפירער ביי די זייטן — שפּאַנט זיך דער חתן פּאַמעלעך, —
איינער פון חתנ׳ס און איינער פון כלה׳ס צד (בײדע,
סיי מאַן און סיי פרוי — אַן ערשט פּאָרל, וואָס האָבן שוין קינדער),
דער חתן אין קיטל אין ווייסן, דער כלה׳ס מתנה,

און איבערן קיטל — דער פּוטער, פֿאַרוואָרפֿן ביי אים אויף די פּלייצעס,
און הינטער אים גייען די מאַנסלייט אין פֿריידיקער שמחה.

און אויפֿן שולהויף דאָרט שטייט שוין די חופּה אַ גרייטע:
רייסן זיך יינגלעך אַרום פֿאַר דער זכיה צו האַלטן די פּלעקלעך,
און ס׳וואַרטן דער רב און דער חזן. קומט אָן דער חתן
אונטער דער זיידענער חופּה, און קלעזמער פֿאַרנעמען צוריק זיך
צו פֿירן דער כלה אַהער, און די כרובים אין הימל
נעמען אויך צינדן די קליינע און ליבע און קלאָרינקע ליכטלעך,
צו כאַפּן אַ קוק אויף דער כלה, וואָס גייט צו דער חופּה.
אויפֿגעשפּילט האָבן די קלעזמער אַ מאַרש אַ פֿאַראַדנעם,
די אונטערפֿירערקעס מיט ליכט אין די הענט, און זי — אין ראָטאָנדע.
זי ווייסט נישט אַליין ווי זי גייט, נאָר עס טראָגן די פֿיסלעך,
זי שפּירט נישט אַפֿילו, ווי זיבן מאָל דרייט זי זיך אום אַרום חתן.
ציטערט דאָס קול אויף דאָס אַלטע פֿון רב רב רפֿאל:
„ברוך אתה ה׳ אלוקינו מלך העולם״...
זי הערט ניט און פֿאַרשטייט ניט די ווערטער פֿון שמש פֿון אַלטן:
זי שפּירט ניט אפֿילו דעם גאָלדענעם רינג אויף איר פֿינגער,
„נאַ דיר, מיין טאָכטער, דיין כתובה. היט זי ביז הונדערט און צוואַנציק,
„גיב אַכטונג, זאָלסט זי נישט פֿאַרלירן; ווייל טאָרסט נישט
„זיין מיט דיין מאַן אָן אַ כתובה״. און ס׳קלינגען די ברכות
און פֿאַנגען איר לייב און נשמה מיט וואונק און מיט צוזאָג.

און ווען ס׳האָט דער חתן מיטן קנאַפּל דאָס גלעזל צעבראָכן —
האָט אויפֿגעהויבן זיך אַ רעש און געטומל: מזל־טוב! מזל־טוב!
— אין אַ מזל׳דיקער שעה! די קלעזמער האָבן אויפֿגעדונערט,
עס האָבן זיך קושן און קולות פֿון שמחה געטראָגן,
ווען חתן־כלה זיינען געאָרעמט אַרויס פֿון אונטער דער חופּה.
די צוויי מחותנת׳טעס האַלדזן זיך, קושן זיך פֿריידיק,

טאַנצן אַנטקעגן דאָס פּאָרל און פליעסקען און זינגען.
און עלקע, וואָס ווייסט יעדן מנהג, זוכט אויף מיט די אויגן
די טרעגער, וואָס קומען מיט עמערס מיט פולע אַנטקעגן.
צוויי זיינען אַנטקעגן געקומען: האַפּקע, די שטוביקע דינסט,
און פּאַסקע דער וואַסערטרעגער — מיט עמערס פול ביז די ברעגן.
גייען, און ס׳גיסט זיך אַריבער דאָס וואַסער: מיט גליק און מיט מזל!
וואַרפן דער חתן און כלה מיט זילבערנע רובלס אין וואַסער.
אַזוי איז דער עולם צוריק פון דער חופה געגאַנגען,
צו מרדכי׳ס ווייס און ברייט הויז צוגעקומען. איז חיענע,
די מאַמע דער כלה׳ס אין טיר דער צעעפנטער געשטאַנען —
אין איין האַנט דאָס ריזיקע שטריצל אויף זאַפראַן געבאַקן,
מיט צוויי אָנגעצונדענע ליכט, און אַ בעכער אַ פולן אין צווייטער.
אַריינגעבראַכט זיי אין חדר, די „גילדענע זופּ" זיי געגעבן,
דערכאַפּן די הערצער פון תענית. אין שאַפּע דער גרויסער
האָט ווידער געשפּילט די קאַפּעליע און ווידער געטאַנצט האָבן מיידלעך.
און איידער דאָס פּאָרל האָט צייט געהאַט קומען צו זיך פונעם תענית,
האָט ווידער דער עולם גענומען זיך קלייבן פון ס׳ניי ביי די טישן.
זיצן די מאַנסלייט באַזונדער און זיצן די ווייבער באַזונדער.
דער חתן פאַרנעמט שוין זיין פּלאַץ אויבנאָן ביי די מענער,
און עלקע די כלה ביים ווייבערישן טיש אויבנאָן.
די טישן געגרייט מיט כל־טוב: הערינג, גאַנצע און געהאַקטע,
מיט בוימל און עסיק, מיט גרינע און שוואַרצע מאַסלינעס;
הערינג פון קערטש, אַסטראַכאַן, און די פישן באַרימטע
פון בערדיאַנסקער אָזיערע, געריכערטע פישן —
די גאָלדענע סולטאַנעס און לאַקסן די פעטע, געשמאַקע,
היינט בראַמפן און וויין, אַלטע מעד און דאָס ביר מיט די שוימען
מיט ברייטער נגיד׳ישער האַנט, און קוכנס און קיכלעך.
עס לאָזט זיך דער עולם איצט וואוילגיין, שרייען זיך איבער: „לחיים!"

און שטעלן זיך נישט אָפּ אויף אַ רגע, נישט אויפגעהערט אַכל'ען —
נישט איבערגעלאָזן קיין איין בראָק, מען זאָל זאָגן, אין טעלערס.
צווישן גערינטן — געזונגען חזנ'ישע שטיקלעך,
פאַרשייטע ציגיינערשע לידלעך, און חסידים־נגונים,
וואָס נאָגן און צופּן ביים האַרצן, און לידלעך פון טעאַטער.
ביז מ'האָט די פּולמיסקעס פיש די הייסע אַריינגעבראַכט
מיט טייערע ריחות, וואָס רופן די סליונע אַרויס ביי אַ מענטשן:
די קאַרפּן די פיינע, מיט וועלכע עס שמ'ט דער טייך דניעפּר,
געפילט און געבאַקן אויפן פייער, די אמת'ע העכטן,
נאָך וועלכע עס גייט אויס דאָס חיות, געווירצט און געפעפערט.
נאָר ס'האָבן נישט אויסגעפעלט פיש פון די קלענערע מינים:
דער סאָנדאַק דער זיסער און פיינער און זילבערנער אָקון,
די שלייען די גלאַטע און בייכיקע ברייטע קאַראַסן.
דער עולם האָט ווידער זיך צוגעכאַפּט, האַלט אין איין לויבן די קעכינס.
אויסגעלאָזט ס'האַרץ צו די פיש און דערכאַפּט אַזש דעם אָטעם —
איז יאָסי דער בדחן אַרויף אויף אַ שטול אויף אַ הויכן
און האָט משמח געווען דעם עולם מיט זאַכן און מופתים,
באַוויזן געוואַלטיקע וואונדער: גענומען אַ רינג און דערלאַנגט אים
צו יוקל משרת — דער רינג איז פאַרלוירן געגאַנגען —
צום סוף אים געפונען ביי פאַליק דעם שמש אין באָרד. גענומען
דאָס זייגער ביי מרדכי דעם לאַנגן, אַ גאָלדן זייגער,
צעשטויסן אים אויף פיצלעך מיט מערזל און שטייסל — און נאָכדעם
געפונען דאָס זייגער אַ גאַנצס, מיטן קייטל און שיידל
ביי ריינאָוו'ן אונטער דער פאַכווע — און מ'גאַפּט פאַר חידושים.
גענומען דער כלה'ס אַ טיכל, פאַרברענט עס אויף אַש מיט אַ ליכטל,
צעבלאָזן די אַש — און געפונען דאָס טיכל אין קאַהאַרליצקי'ס קעשענע.
דער עולם גאַפּט פאַר חידושים, פליעסקעט מיט די הענט מלא־שמחה.
און ס'לעצטע — דאָס שענסטע: משה ליטינסקי'ן געהייסן ניסן,

און קליינע מטבעה׳לעך הויבן אָן פאַלן פון משה׳ס
צעפּאָרענע באָזלעכער, מיט ווייסע האָר באַוואָקסן.
דערנאָך, האָט ער צוגערופן יוקל׳ען דעם נאַרישן בחור:
„ווילסט, מיין זון, וועל איך דיך לערנען אַ שיינע און ריינע מלאכה,
„די אומנות פון אַ פּאָטאָגראַפשציק. דו טו נאָר וואָס איך טו,
„אָט ריר איך זיך אָן אָן דער דעק פונעם טעלער, און נאָכדעם
„באַריר איך מיין פּנים און דו זאָלסט מיר נאָכטאָן״. אָנגערירט
דעק פונעם טעלער מיטן צייג־פינגער פון האַנט פון דער רעכטער,
לענגאויס מיטן צוויטן אַ פּיר אויף דער נאָז אויף דער רויטער געגעבן.
האָט יוקל דער טפּש זיך צוגערירט אויך צו דער דעק פונעם טעלער,
געגעבן אַ פּיר אויף דער נאָז אויף דער קרומער — און אויפגעבליט
האָט באַלד אַ שוואַרצער אַ דיקלעכער פּאַס אויף דער נאָז.
דער בדחן רירט ווידער די דעק אָן, פירט אויפן שטערן זיין פינגער —
טוט יוקל דאָס אייגענע — פירט אויף זיין שטערן זיין פינגער,
בליט אויף אַ פּאַס דאָרט אַ שוואַרצער, און ס׳קייכט פאַר געלעכטער דער עולם.
יאָסי דער בדחן איז ווייס און יוקל ווערט שוואַרצער און שוואַרצער.
(יאָסי האָט אָפּגענאַרט יוקלען, אָנגעברענט דעם דעק פונעם טעלער
מיט ליכטל מיט וועקסנס, זיך ניט צו פאַרשמירן געהיט זיך).
וואָס מער זיין פּנים ווערט שוואַרצער, אַלץ שטאַרקער דאָס לאַכן.
האַלט יוקל אין גלאָצן די אויגן: למאי דאָס געלעכטער?
ביז מ׳האָט אין דער שאַפע די פאַריקע זופּ אָנגעטראָגן,
ערשט דאַן האָט מען אויפגעהערט לאַכן, פאַרנומען מיט זופּן,
פּאָסמאַקעוועט זיך מיט דער זופּ און די מאַנדעלעך ברוינע,
און ס׳האָבן די קלעזמער געשפּילט ביזן זופּ ביזן לעצטן.
און ווידער איז יאָסי אַרויף אויפן בענקל אינמיטן דער שאַפע:
„דרשה־געשאַנקען פון חתנ׳ס צד און דרשה־געשאַנקען פון כלה׳ס צד!״
איז אַרויס רפאל כאָטינסקי מיט אַ זילבערנעם טאַץ
און נאָך עפּעס אַ כלי, אַוועקגעשטעלט זי אויפן טיש דאָרט,

און אומגעקערט זיך צו זיין פּלאַץ. האָט יאָסי דער בדחן
אויפגעהויבן דעם טאַץ און די כלי, און אַרויסגעזונגען:
„אַ מתנה פון חתנ׳ס פעטער, פון באַרימטן גביר־אדיר
„רב רפאל כאַטינסקי — אַ זילבערנער טאַץ און אַ בשמים־ביקס,
„אַנטיק אין דער וועלט!״ — און קלעזמער דונערן אַ מאַרש אַרויס.
איז אַרויס עזריאל ליטראָווניק מיט אַ פּאָר זילבערנע לייכטער,
אַוועקגעשטעלט זיי אויפן טיש, צו זיין פּלאַץ זיך פאַרנומען.
האָט יאָסי זיי אויפגעהויבן, באַוויזן צום עולם, געזונגען:
„אַ מתנה פון חתנ׳ס טייערן פריינד, דעם באַרימטן נגיד
„רב עזריאל ליטראָווניק — צוויי זילבערנע לייכטער,
„אַנטיק אין דער וועלט!״ — און קלעזמער דונערן אַ מאַרש אַרויס.
איינציקווייז קומט מען פון עולם אַרויס מיטן דרשה־געשאַנק,
קרובים פון חתן און כלה און פריינד אַלע גוטע און ליבע,
ווער מער און ווער ווייניקער, נאָר איטלאַכנס מיין איז צום גוטן:
גאָלד, זילבער, פּאַפּיר־געלט, באַלעבאַטישקייט און צירונג.

דערנאָך, ווען די סדרה פון דרשה־געשאַנק איז געווען שוין פאַרענדיקט,
האָבן די סאַרווערס אַריינגעבראַכט די געבראָטענע פליישן,
מיט די ריחות די שאַרפע, יעטווידן איינעם זיין חלק,
צונגען און רינדפלייש און עופות געדעמפּט און געבראָטן.
אַזוי איז געווען דער סדר פון עלקעס חתונה־מאָלצייט.

און אַז די קלעזמער זיינען פאַרטיק געוואָרן מיט דער סעודה —
איז די כלה אַרויס אינמיטן דער שאָפּע, אַ גרייטע
צום „כשר־טאַנץ״, פלאַטערט אין האַנט איר דאָס טיכל דאָס ווייסע.
פאַרשעמט און פאַרפלאַמט, ניט וויסנדיק וואו צו באַהאַלטן דאָס פנים,
וואַרפן די וויהעס די שוואַרצע אַ שאָטן אַריבער די באַקן.
האָבן די קלעזמער אַ געזעצטן פּאָלאָנעז אָנגעהויבן —

האָט זיך אויפגעהויבן דער רב, רב רפאל, מיט מתינות׳דיקע טריט,
צוגעגאַנגען צו דער כלה, אָנגענומען פאַרן ברעג טיכל:
האָבן זיי לאַנגזאַם געטראָטן, געמאַכט דריי הקפות
אין ברעטערנער שאָפּע דער גרויסער, צום פליעסקען פון עולם.
האָט זיך אויפגעשטעלט דער חזן רב אלי אין אַטלעס־קאַפּאָטע,
צוגעגאַנגען צו דער כלה, אָנגענומען פאַר דער טיכל:
האָבן זיי לאַנגזאַם געטראָטן, געמאַכט דריי הקפות
אין ברעטערנער שאָפּע דער גרויסער, צום פליעסקען פון עולם.
דערנאָך איז דער דריטער אַרויס דעם חתנ׳ס טאַטע, רב איטשע,
צוגעגאַנגען צו דער כלה, אָנגענומען פאַרן ברעג טיכל:
האָבן זיי לאַנגזאַם געטראָטן, געמאַכט דריי הקפות
אין ברעטערנער שאָפּע דער גרויסער, צום פליעסקען פון עולם.
איינציקווייז קומען אַרויס די געהויבענע מחותנים די פיינע —
פּאַמעלעך, געלאַסן, צום פליעסקען און זינגען פון עולם,
און פּראַווען דעם „כשר־טאַנץ" ערנסט אין ברעטערנער שאָפּע.
דערנאָך האָבן ווייבער פאַרנומען דעם פּלאַץ פון די מאַנסלייט:
אויפגעשפּילט האָבן די קלעזמער אַ פריילעכס, מיט פייער,
פאַרקייטלט זיך איינס אין דער צווייטער, טאַנצן זיי, זינגען.
הויבן אָן שטיל און געלאַסן און ווערן פאַרטראָגן אין שטורעם
ציען אַריין די פאַרמידיקטע ווייבער, און טאַנצן מיט כח.
די שמחה צעברויזט זיך אַלץ שטאַרקער — און אָט ווערט די כלה
פאַרשוואונדן...
קומען די מאַנסלייט צוריק און פאַרנעמען דאָס פּלאַץ פון די ווייבער —
גייט עס אַ פריילעכס נאָך פריילעכס; דער נאַרישער צימבלער
כאַפּט זיך אויף פלוצים, און קערט מיטן קעסלפּויק וועלטן,
מאַכט טויב מיט די טאַצן, און ס׳טאַנצט דער צעהוליעטער עולם,
מיט טומל, געשריי און געזאַנג — שרייט אַריבער די קלעזמער.
דערווייל ווערט פאַרשוואונדן דער חתן —דער עולם קערט וועלטן...

די זיצן און זינגען, און יענע פליעסקען און פּאַטשן,
עס רינט אַזש דער שוייס, און מען זינגט מיט באַנומענע קולות.
רוען זיך אָפּ, און פאַרברענגען אין וועלטלעכן שמועס,
אַ וויץ, און אַ תורה־וואָרט צווישן איין פריילעכס און צווייטן.

און אַז די שמחה האָט דערגרייכט צום העכסטן גראַד, די משקה
האָט גענומען אויפשפּילן און פראַוועך אירע שטיק אויף מרדכי'ן —
האָט ער זיך אויפגעשטעלט, אַ רוף געטאָן זיין ווייב, זיין חיענע'ן:
„אַהער קום, מחותנת'טע, טאַנץ! זאָלן זיך די יונגע שעמען!
— כאַפּט פאַר דער האַנט זי — קלעזמער, דאָס דאַזיקע פריילעכס
שפּילט מיר לכבוד מיין פלונית!" — שעמט זיך די פרוי און ווערט אָפּ זיך:
„וואָס איז מיט דיר, אַלטער? האָסט גאָר שוין דעם שכל פאַרלוירן?
"— ווילסט מיך נישט, יידענע? וועל איך אַליין טאַנצן גאָר ביחידות!
„שפּילט אָקאָרשט, קלעזמער, אַ קאָזאַק, מיט פייער, מיט כח!"
מאַכט פּלאַץ, מחותנים! — (דער עולם צעשפּרייט זיך אין עגול),
פאַרקאַטשעט אַהינטער די פּאָלעס פון זיידענעם בגד,
רופט אָפּ זיך דאָס פידל און ס'ענטפערט דער קעסלפויק
אַ שטאַרקע קאַזאַצקע פול כח, באַוועגונג און פייער.
פאַרלייגט ער די הענט אויף די באַקעס, וואַרפט אויגן אַרום זיך,
שלאָגט מיט די פיס אויף דער דיל און ער לאָזט זיך אַוועק אין שוועבן —
אָט גייט ער און דרייט זיך אין עגול צווישן דעם עולם,
אָט בלייבט ער שטיין אויפן אָרט און ער טופּעט און טופּעט,
אָט שפּרייט ער אויס זיינע הענט אין גרויס ליבשאַפט און בענקשאַפט,
אָט שוועבט ער און פליט און ווערט ווילד, גייט אַרויס פון די כלים,
און ס'שטייט אין התפעלות דער עולם און פליעסקעט מיט די הענט צו —
ביז ס'הויבן די הענער אָן קרייען: גוט־מאָרגן אייך, קוקורעקו!

אָדעס, 1921

# א י נ ה אַ ל ט :

## ל י ד ע ר


שאול טשערניכאָווסקי עסיי פון יעקב פיכמאַן ....... א
אַ פרעמד שפּראַצלינג .......................... 3
איך גלויב .................................. 5
שליחים פון ליבע .............................. 7
דאָס ליד פון פרילינג ......................... 9
שבת־צו־נאַכט ................................. 15
דעיאנירא .................................... 18
מחמד ....................................... 21
לענכען די נייטאָרין ........................... 23
וואַלד־כשוף ................................. 35
דער מלך שאול ............................... 39
אין „עין דור“ ................................ 44
שאול׳ס קבורה .....(......................... 47
די גלאָקן ................................... 49
אַ ליד ...................................... 51
אַ ליד וועגן די טענצערינס ..................... 55
אַ טאַנץ לכבוד דער כלה ........................ 57
דער מענטש ................................. 62


## קרימער סאָנעטן


א. דער ים אין יאַלטע ......................... 66
ב. אַ פישער מעשה׳לע ......................... 67
ג. טאַרכאַנקוט .............................. 67
ד. דער בית־עולם ביים פּאַלאַץ פון באכטשיסאַראַי .. 68
ה. די שול אין פעאָדאָסיע ...................... 69
אַ וויג־ליד ................................. 70
שאַקאַלן וויינען ............................. 72

פערזן ........................................ 75
דריי אייזלטעס שפּאַנען ........................ 81
שטערן אין הימל ................................ 82

## אידיליעס

מילכיקע קרעפּלעך .............................. 89
בערעלע איז קראַנק ............................. 99
אין אַ הייסן זומערטאָג ......................... 108
דער צעבראָכענער לעפל ........................... 119
קריעת ים־סוף .................................. 125
אַ פאַרשטערטער פסח ............................ 129
אלי ........................................... 137
אַ מעשה מיט מרדכי־ן און יוכימען ................ 145
עלקע׳ס חתונה .................................. 157